# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאָל מאָנאַטליך.

פערלאַג: חברה „אחיאסף“. רעד.: י. ח. ראבניצקי.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
נור יאָהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יעדער איינציגער נומר קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאָהרליך:
אָסטרייך-אונגארען — .5 פלארין.
דייטשלאנד 8.50 מארק.
ארץ ישראל — .10 פראנק.
אנדערע לענדער — .12 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילנג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

נומר 2. ווינן — קראקויא, שבט תרנ"ט — יאנואר 1899. ערשטער יאהרגאנג.


## אינהאלט:



---

## צו אבאָנירען:


אין קראקא:
Administration „DER JUDE“
Krakau, Dietelgasse 105.

אין וויען:
E. Torczyner Wien
I Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter,
Scharlottenburg, Schillerstr. 47.

אין ווארשא:
פערלאג „אחיאסף“ ווארשא, פאָסט-קיסטע נו. 25.
פערזענליך, מאריאנסקא נו' 6.

## צו די לעזער!

מיר האלטען פאר איבעריג צו ערקלעהרען ווי ווייט ס'איז נייטיג פאר אונזער פאלק א זארגאנישע צייטשריפט וועלכע זאלל בעהאנדלען אלע יודישע אינטערעססען און וואו אונזערע שרייבער זאלען האבען א פלאטץ צו רעדען מיט'ן פאלק אין דער שפראך וואס ער פערשטעהט. יעדער טרייער יוד פערשטעהט אליין גאנץ גוט און פיהלט גענוג שטארק די נאטהווענדיגקייט דערפון. און מיר זענען זיכער אז אונזערע לעזער וועלען געוויס אויך פערשטעהען די וויכטיגקייט פון דער צייטשריפט.

מיט דעם איפרות ווילען מיר נור בעמערקען, אז אלץ וואס ס'איז געווען פאר אונז מעגליך האבען מיר אנגעווענדט און וועלען ווייטער אויך אנווענדען אז „דער יוד" זאל ווירקליך ברייננען נוטצען פאר אונזער פאלק. און אונזערע פאלקס-שרייבער וועלכע האבען אונז שוין געגעבען זייערע שריפטען אדער פערשפראכען זייער מיטארבייטען אין אונזער ארגאן, געבען אונז דאס רעכט צו האפפען אז „דער יוד" וועט זיין א אמתע יודישע צייטשריפט אין פאלעם זיננע דעס ווארטס. צו פערגרינגערען די מעגליכקייט פאר יעדען אוים צו שרייבען אונזער צייטשריפט, האבען מיר געשטעלט א גאנץ קליינעם פרייז

### נור 4 רובל פאר א גאנץ יאהר.

אין דאס אויך אין 3 אוים צאהלונגען (ראטעס): ביים אויסשרייבען אין יאנואר 2 רוב', אין מאנאט מאי 1 רוב' און אין סעפטעמבער דעם לעצטען רובל.

---

פאלגענדע שרייבער האבען צוגעזאגט זייער מיטארבייטונג פאר אונזער צייטשריפט:

ד"ר אייזענשטאדט, בן-עמי, ביאליק ח. נ., ד"ר ביכאווסקי, בערקאוויץ מ., ד"ר בראנדט, ברודים ר., בריינין ר., גאלדפאדען א., דינעזאן י., ד"ר הערצל, ווייסבערג י. י., ווארשאווסקי מ. מ., ד"ר ווערנער, זאנאראדסקי י. ח., זאמאשטשין פ., זילבערבוש ד., יארק שטיינער, יהל"ל, יפה ל., מרדכי בן הלל הכהן, ד"ר כהן בערנשטיין, ליליענבלום מ. ל., ליניעצקי, י. י., לעווינסקי א. ל., מענדלי מוכר ספרים, ספעקטאר מ., ד"ר עהרענפרייז מ., פרוג ש., פרייד מ. י., פריעדבערג א. ש., פרין י. ל., פרענק ע. נ., ציטראן ש. ל., קלויזנער י., ראבניצקי י. ח., ראזענטאל א. ד., ראזענפעלד מאריס, ראזענפעלד ש. ד"ר שנירער, שלום עליכם, און פיעל אנדערע.

ס'פערשטעהט זיך, אז אויך פון די לעזער היינגט פיעל אב ניט נור דער עקזיסטענץ נור אויך דאס ווערט פון דער צייטשריפט. לויט דעם צאהל פון די אבאנענטען וועלען מיר זיין אים שטאנד אונזער צייטשריפט צו פערבעסערען און צו פערגרעסערען.

**די אדמיניסטראציאן.**





---

1. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 2.

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישען אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאָל מאָנאַטליך.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען — .5 פלארין,
דייטשלאנד 8.50 מארק,
ארץ ישראל — .10 פראנק,
אנדערע לענדער — .12 "
אמעריקא, ענגלאנד — .10 שילנג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יערער קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 "
דען 1טען סענטיאבער 1 "
יעדער איינציגער נומר קאסט 25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

פערלאַג: חברה „אחיאסף".

רעדאַקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומר 2. וויען — קראַקויא, שבט תרנ"ט — יאַנואַר 1899. ערשטער יאַהרגאַנג.

## די יודישע אוצרות.

### א.

אז איהר וועט זיך ווענדען צו אונזער פאָלק, צו'ם פראָסטען עולם, די אַרימע ברידער אונזערע, מיט ביטערע קולות פונ'ם האַרצען: „גוואלד, אַחינו בני־ישראל, וואָס שלאָפט איהר? וואָס שווייגט איהר? עפענט אויף די אויגען און קוקט זיך אַרום וואו מיר זענען אין דער וועלט, ווי ביטער און פינסטער, ווי אונגעהייער שרעקליך די לאַגע איז! זעהט דאס העליש־פייער ברענט און פלאַקערט — וואָס לויפט איהר נישט העלפען, ראַטיווען? בעטראַכט דער אַלטער ישראל איז מסוכן, טוידט־קראַנק, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין איהם — וואָס שווייגט איהר, וואָס טהוט איהר גאָר נישט? גוואַלד, ברידערליך, וואָס שלאָפט איהר?" — וועט איהר תמיד בעקומען איין ענטפער, כמעט מיט איין נוסח: „נאַרישער מענש איינער, וואָס ריהרט איהר זיך דאָס האַרץ און אונז די וואונדען אומזיסט־אומנישט? וואָס קען אייער פיל־דערען צו אונז עפּיס העלפען? מה־אנו ומה־חיינו, וואָס זענען מיר, מישטיינס געזאָגט, און וואָס קענען אַזעלכע קליינע מענשעליך, אַזעלכע טוידטע נפשות ווי מיר, עפּיס מאַכען? יעדער פון אונז האָט זיך זיין פעקיל צרות, וואָס בייגט איהם צו דער ערד, קען ער נאָך טראָגען אויפ'ן קאָפּ דעם כלל־ישראל? ניין, איהר האָט נישט געטראָפען דאָס אָרט, ליעבער יוד! צו זיי, צו די גרויסע, צו די גבירים אונזערע ווענדט זיך, צו אונזערע „צאַפּעס" געהט, זייט מוחל, שרייעט און ליאַרעמט ווי ווייט איהר קענט; אין זייערע הענד ליעגט אונזער גאַנץ מזל, זיי זאָלען נור וועלען קענען זיי אַודאי העלפען, פאַר זיי איז קיין שווערע זאַך נישטאָ, פאַר זיי איז דאָס גרינגסטע בעהיטען אונזער פאָלק פון אַלע צרות און שלעק, גאָט זאָל העלפען זיי זאָלען זיך נור פּריווען אַ נעהם טהון, קענען זיי ברענגען מיט דער פולער מאָס ישועות ונחמות".

שרעקליך פינסטער איז די יודישע לאַגע, ווי גרויס אָבער איז נאָך דערצו דער וועהטיג צו הערען אַזעלכע טענות! אַ גאַנץ פאָלק לאָזט זיך אָפּ מיט הענד און מיט פיס, וויל גאָר נישט טהון, רעדט זיך איין אַז עס קען גאָר נישט טהון, און פערלאָזט זיך אין גאַנצען און קוקט נור אַרויס — אויף וועמין? אויף אַ הויפען גבירים, אויף עטליכע געצעהלטע אַדירים, אַז די גרויסע לייט זאָלען זיך „אַנטפּלעקען מיט זייער גרויס גנאָד" און אַרונטערנעהמען כל־ישראל אונטער דעם שוטין פון זייערע ברייטע, זייערע גאָלדענע פליגעל, אַז זיי, נור זיי זאָלען שענקען דעם פאָלק רעכטען מזל מיט דער פולער האַנד!

טויזענד מאָל אומגליקליך וואָלט געווען אונזער אָרום פאָלק, ווען זיין מזל וואָלט זיך באמת געפונען נור אין די הענד פון אונזערע גרויסע, פון אונזערע רייכע! ווער ווייסט וואו דאָס דאָזיגע יודישע „דאַבער־מזל" וואָלט שוין לאַנג אָנגעשפּאַרט? ווער ווייסט צי דעמאָלט וואָלט שוין געבליבען פאַר אונזער אומגליקליך פאָלק אַ ברעקיל האָפנונג אויפגערעכט ווערען אַ מאָל, אויפשטעהן תחית־המתים?...

ווי ווייט אונזערע גבירים האָבען אין זינען דעם גאַנצען כלל, ווי ווייט עס ליעגט זיי אויפ'ן קאָפּ דאָס פעקיל יודישע צרות, ווי ווייט זיי לעגען זיך אַוועק פאַר זייער „ליעב פאָלק ישראל" — ווער ווייסט עס, אַ שטייגער, נישט? נישט־קשה, איהר מעגט נעהמען דעם גרעסטען שופר און נישט אויפהערען צו בלאָזען זיי אין די אויערען איין תקיעה־גדולה נאָך דער אַנדערע, איהר מעגט שרייען, ווי מע זאָגט, חי וקים און איינלענען די גאַנצע וועלט — קענט איהר זיין פערזיכערט אַז זיי וועט קיין קול נישט נעהמען און איהר וועט זיי פונ'ם אָרט נישט ריהרען. היינט ווי משוגע און ווילד דאַרף אויסוויזען דער פלאַן צו שטעהן אין דרויסען פערפרוירען און האַלטען אין איין ציטערען און אַרויסקוקען אויף די וואַרמע שטראַהלען פון די הויכע פענסטער, אין דער צייט וואָס פון דאָרט זעצט אַרויס אַ שרעקליכע קְרִירָה. אַז טאַקי נור איין גאָט זאָל שומר ומציל זיין!...

נאָר ווען מע זאָל זיך אפילו ווע לען אויסמאָהלען מיט דער רייכסטער פאַנטאַזיע, אַז אונזערע רייכע מיליאָנערען האָבען טאַקי גאָר נישט וואָס צו טהון, נאָר זיי זיצען אין זייערע פאַלאַטצען טאָג ווי נאַכט פערטראַכט און פערזאָרגט איבער יודישע צרות און ברעכען זיך די קעפּ, נישט חלילה איבער אייגענע אינטערעסען נאָר מעהר נישט ווי אַזוי צו העלפען, ראַטיווען דעם כלל־ישראל—קענען זיי אויך גאָר ווינציג מאַכען, ווי באַלד דאָס פאָלק אַליין שטעהט פערלעגט די הענד, טהוט גאָר נישט פון דאַנען אַהין און פערלאָזט זיך נור אויף הוילע נסים.

שוין צייט אַז דער אַלטער ישראל זאָל אויפהערען צו זיין גע־נאַרט אין חשבון ווי אַ פיצעל קינד. שוין צייט איהם צו קענען דעם פראָסטען אַלף־בית און וויסען אַז געלד קען אַרויסגעבען אַ שיין, אַ גלאַנץ פאַר לייטען, אָבער נישט קיין אמת ליכטיגקייט, נישט קיין אמת וואַרימקייט... שוין צייט, שוין לאַנג לאַנג צייט, צו וויסען און פער־שטעהן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אונזערע „גרויסע" ווילען גאָר נישט און קענען טאַקי פשוט נישט טראָגען דאָס פאָלק אויף זייערע ברייטע פלייצעס, און נור אויף זיי צו האָפען איז זעהר קינדעריש און משונה ווילד.

צו'ם גליק אָבער שטעקט דאָס יודיש מזל נישט ביי זיי, נישט ביי די גרויסע, אין די הענד. ווייסט איהר וואו דען עס געפינט זיך יאָ דאָס ריינע אמת'ע גליק פונ'ם פאָלק?

— אין די אייגענע הענד פונ'ם פאָלק אַליין!

אַז דאָס פאָלק וויל נור אויסטהון די קינדערשע שיכעליך און שטעלען זיך רעכט אויף די פיס, אַז עס הערט אויף אַרויסצוקוקען נור אויף די געוויסע וועלט־פערזאָרגער, אויף זיינע אָפּעקונען, די גרויסע בעלי־טובות; אַז עס הייבט אָן זיך אויפצומונטערען, אויפצונעהמען

דאָס ביסעלע אָרימע כוהות אין איינעם, נישט צו דרימלען, נישט פערלאָזען זיך אויף יענעם, נאָר אַרבייטען ערענסט, אַרבייטען ווי ווייט מעגליך אַ ל י י ן, — דאַמאָלס ווערד דאָס שוואַכע פאָלק דער גרעסטער גבור, אַ ריעז וואָס קען איבערקעהרען וועלטען. די אַלע קליינע פינטעליך, די ברעקליך פינקען, אין איינעם — וואָס פאַר אַ שיין פרייליך פייער עס קען ווערען צו לייכטען און וואַרימען דאָס האַרץ פון יעדען פאָלקספריינד; אַלע שוואַכע כוהות צוזאַמען, אין איין בינטעל — וויפיעל שטאַרקייט ליעגט אין דעם, וויפיעל גבורה!

וואָס קען דאָס פאָלק טהון?

אויף דער דאָזיגער שאלה קען מען נור ענטפערען מיט איין אַנדער שאלה:

וואָס קען דאָס פאָלק נישט טהון?

פאַר אַ גאַנץ פאָלק איז גאָר נישטאָ קיין אונמעגליכעס, קיין שווערע זאַך; אונזער פאָלק קען נאָך אויך בעווייזען פאַר דער וועלט גבורות, גרויסע וואונדער, ווען ער זאָל נור ווילען, ווען ער זאָל נור זיך נעהמען מיט חשק צו דער אַרבייט, ווי עס געהער צו זיין.

וואָס דאַרף איצט דאָס פאָלק טהון?

זעהט איהר, דאָס איז שוין נאָר איין אַנדער שאלה. איבער דעם איז געווים דאָ זעהר פיעל צו שמועסען. נור נישט דאָס איז אונזער כונה דאָ אויסצורעכנען אַ גאַנץ צעטיל און אַרומשמועסען די זאַך ברייט צו וואָס אונזער פאָלק דאַרף זיך נעהמען ער זאָל קענען קומען צו די רעכטע כוהות און אַרויסווייזען זיינע גבורות. מיר ווילען מעהר נישט ה״י אויפמערקזאַם מאַכען אויף איין איינציגע זאַך, וועלכע איז, קען מען זאָגען, דער רעכטער עיקר, דער גאַנצער יסוד פון אַלע אַרבייט, וואָס אָהן דעם קען קיין זאַך פאַר׳ן פאָלק נישט געראָטען, האָבען אַ לאַנגען קיום.

מיר ווילען שמועסען אַ ביסעל איבער קינדער־ערציעהונג.

ב.

זאָגט נישט, ברידער, אַז איהר זענט אָרים, שוואַך, דערשלאָגען, אַז נור ז י י, די גרויסע, קענען בעווייזען מופתים און ברענגען גרויסע ישועות, און איהר קענט גאָר נישט טהון פאַר אונזער פאָלק, — זאָגט עס איז נישט! ניין, ס׳איז אַ גרויסער טעות, אַ גענאַרטע זאַך. דוקא נור אין אַ י י ע ר ע שלאַפע הענד, נישט ביי אונזערע גבירים, נישט ביי אונזערע מיליאָנערען אפילו, ליעגט דאָס רייכקייט, די מיליאָנען פון אונזער נאַציע, אין אייערע קליינע און אָרימע צימער געפונען זיך איהרע גרעסטע און בעסטע אוצרות. . .

די געשיכטע דערצעהלט פון אַ געוויסער רוימישער פרוי קאָרנעליע, אַ מוטער פון צוויי קינדער פון דער פאַמיליע גראַקכוס, וואָס איז געבליבען איין אַלמנה ווען די קינדער זענען געווען נאָך גאָר קליין, האָט זי זיך איבערגעגעבען אין גאַנצען צו ערציהען איהרע צוויי זיהן אויפ׳ן בעסטען אופן און מאַכען זיי פאַר לייט. איינמאָל איז צו איהר געקומען צו גאַסט איין אַלטע בעקאַנטע פונ׳ם רייכען שטאַנד און, ווי דער שטייגער איז, געמאַכט אַ שמועס וועגען גאָלדוואַרג און ציערונג, זיך בעריהמט מיט איהרע טייערע זאַכען און געבעטען קאָרנעליע׳ן זי זאָל ווייזען איהר טייערסטע ציערונג. די קלוגע מוטער האָט גענומען איהר פריינדין ביי דער האַנד, אַריינגעפיהרט זי אין איין אַנדער צימער, אויפגעהויבען דאָרט דעם פאָרהאַנג און, ווייזענדיג אויף די צוויי קינדער, וועלכע זענען רוהיג געשלאָפען, האָט זי געזאָגט: „אָט דאָס איז מיין ציערונג“. און איהרע צוויי זיהן זענען באמת געווען תכשיטים, דאָס בעסטע ציערונג נישט פאַר דער מוטער אַליין, נאָר אויך פאַר׳ן גאַנצען פאָלק, וועלכען זיי זענען געווען איבערגעגעבען מיט לייב און זעעלע און דערפאַר איז אויך די ליעבע צו זיי פונ׳ם פאָלק געווען זעהר שטאַרק.

שענקען אַזאַ מין ציערונג, אַזאַ רייכקייט, דעם פאָלק, קענען אויך אָרימע עלטערן, אויב ניט מעהר, אַלענפאַלס נישט ווינציגער פון די רייכע . . . אַז די יודישע עלטערן אונזערע זאָלען זיך אָפגעבען מיט דעם ערציהונג פון זייערע קינדער ערענסט, ווי עס דאַרף צו זיין, אַז זיי זאָלען אַוועקלעגען מוה מיט כוח צו מאַכען פון די קינדער לייט אין אַלע פאַכען, ווי ווייט נור מעגליך, וועלען זיי נישט נור זיך אַליין דערמיט ציערען, נישט נור זיי אַליין וועלען דערפון קלויבען נחת, זיי וועלען דערמיט דאָס גאַנצע פאָלק בעשיינען, ברענגען כבוד און גליק.

דען אין וואָס בעשטעהט אין גאַנצען דאָס שפעטערדיג גליק פונ׳ם פאָלק? אין וואָס ווענדט זיך אַז די אַלע גוטע זאַכען, וואָס מען הייבט אָן צו טהון פאַר׳ן פאָלק, זאָלען מיט דער צייט אויסגעפיהרט ווערען און האָבען אַ רעכטען קיום אויף לאַנגע יאָהר? אין וואָס ליעגט איבערהויפט דער אמת׳ר בטחון אויף זיין ווייטערדיג בליהען און וואַכסען, אויף זיין עולם־הבא? נור אין דעם נייעם יונגען דור, וואָס הייבט ערשט אָן צו וואַכסען, דאָס הייסט אין אונזערע אייגענע קינדער! דור הולך ודור בא — דער אַלטער דור געהט אַוועק און דער נייער דור קומט אָן, די קינדער פערנעהמען דאָס פלאַטץ פון די עלטערן. צו איהם, צו׳ם יונגען דור, געהט איבער אין גאַנצען די אַלטע ירושה, און ער קען פערבעסערען דאָס יודישע מזל אָדער ערגער מאַכען, שטאַרקען דאָס פאָלק אָדער נאָך מעהר אָפּשוואַכען, הייבען אָדער וואַרפען, ווי זיין מוה וועט פערשטעהן, זיין כוח וועט טראָגען און זיין האַרץ וועט גליסטען. און אַז זיין האַרץ זאָל ציהען נור צו׳ם גוטען, ער זאָל ווילען, פערשטעהן און קענען אויפריכטען אַביסעל דאָס יודישע מזל—ווענדט זיך מעהר פון אלעס אין אונז אליין, אין די עלטערן, אין די אַלע וואָס ביי זיי אין די הענד געפינט זיך די ערציהונג פון אונזערע קינדער.

ערציהונג פון קינדער — וואָס פאַר אַ חוב אין דער וועלט קען זיין וויכטיגער, הייליגער דערפון? אַ יונג אונשולדיג נפש׳ל פאַלט אַריין צו אונז אין די הענד, עס קען זיך נישט ריהרען, נישט אָפּהיטען אַליין, עס איז אין גאַנצען אונטער דעם שוטי׳ן פון אונזערע פליגעל, מיר קענען מיט דעם מאַכען כמעט וואָס מיר ווילען, טהון גוטס צו שלעכטס, מאַכען גליקליך אָדער אונגליקליך אויפ׳ן גאַנצען לעבען, אין אונזערע הענד איז דער שוואַכער גוף פונ׳ם קינד, מיר קענען העלפען איהם וואַכסען און ענטוויקלען זיך ווי עס געהער צו זיין, אָפּהיטען ווי ווייט מעגליך פון זעהר פיעל שלעק און פורעניות; אין אונזערע הענד איז אויך די יונגע נשמה, מיר קענען אָפּהיטען זי פון שענדליכע פלעקען, פון שלעכטע מדות, העלפען זי וואַכסען און ענטוויקלען זיך מיט אַלע איהרע נאַטירליכע מעלות, ווי ווייט נור מעגליך איז.

אמת, נישט אַלצדינג איז מעגליך. אַ קינד איז פון דער נאַטור נישט קיין שטיקעל וואַכס, וואָס מע קען עס קנייטען ווי מע וויל און אויסקלעבען פון דעם וואָס פאַר אַ פיגור מע וויל. אַנדערע קינדער ווערען געבוירען מיט נאַטירליכע שוואַכקייטען, מיט נאַטירליכע חסרונות, וועלכע ס׳איז גאָר אונמעגליך איבערצומאַכען אין גאַנצען, אויסרייסען מיט׳ן שורש, נאָר דאָס איז נישט אזוי אָפט און אַלענפאַלס קען מען עפיס העלפען, עפיס אויסבעסערען אין אַלע צייטען.

אַ געוויסער שרייבער האָט געזאָגט אַז נישט אומזיסט גלייכט מען פון אייביגע צייטען דעם ערציהער פון קינדער צו אַ גערטנער. אַ גוטער גערטנער מיט זיין אַרומגעהן אַרום די קליינע ביימליך, בעטראַכטען און בעזאָרגען יעדעס ביימעלע, יעדעס צווייגעלע בעזונדער ברייגגט דערצו עס זאָלען אויסוואַכסען גוטע און שיינע ביימער וואָס גיבען גוטע און טייערע פירות. פערשטעהט זיך, אַז דער בעסטער גערטנער אין דער וועלט, ווי ער וועט נישט אָפּהיטען און בעזאָרגען, אַ שטיינער, אַ עפּילבוים וועט ער קיינמאָל נישט קענען מאַכען אַז אויף דעם זעלבען בוים זאָל אָנהייבען צו וואַכסען גאָר ווייגטרויבען, אָדער אפילו באַרען. איבערמאַכען די נאַטור איז ער נישט אין שטאַנד, ער קען נור ברענגען דערצו אַז די עפּיל זאָלען ווירקליך זיין גוטע און האָבען אַ רעכטען טעם.

דאָס זעלבע איז אויך מיט ערציהונג פון קינדער. איבערמאַכען אין גאַנצען די נאַטור פונ׳ם קינד קען זיך קיינער נישט אונטערנעהמען, אפילו דער גרעסטער קינצלער אין דעם פאַך. נאָר מיט אַ רעכטער ערציהונג קען מען געוויס פיעל חסרונות אָפּשוואַכען און פערקליינערען, פיעל מעלות קרעפטיגען און פערגרעסערען. מע דאַרף נור האַלטען אויג און אומקוקען זיך אויף יעדער זאַך אין דער צייט.

ווי ווינציג אָבער איז דאָ עלטערן ביי אונז וואָס קוקען זיך שטאַרק אום אויף דער ערציהונג פֿון זייערע אייגענע קינדער, און וויפֿיעל ווינציגער נאָך גוטע גערטנער, אַזעלכע ערציהער וואָס ווייסען אויף וואָס און אויף ווען זיך אומצוקוקען, ווי אַזוי אָפּצוהיטען די יונגע ביימעליך זיי זאָלען אויסוואַכסען ווי עס דאַרף צו זיין און אַרויסגעבען אמת גוטע פּרוכט, אונזער פֿאָלק זאָל זיך מיט זיי קענען קרעפֿטיגען און קוויקען!

און אָט אין דעם, נישט אין קיין זאַך, ליעגט דאָס אמת'ע רייכקייט פֿונ'ם פֿאָלק, די אמת'ע יודישע אוצרות: אַז אונזערע ברידער וועלען אַוועקלעגען אַלע כוחות, ווי ווייט נור מעגליך איז, צו מאַכען פֿון זייערע קינדער לייט אין אַלע פֿאַכען, מאַכען זיי פֿאַר מענשען און פֿאַר יודען, ווי עס געהער צו זיין, מיט אַ גאַנצען געזונדען גוף און מיט אַ גאַנצער געזונדער יודישער נשמה—וואָס פֿאַר אַ טהייערען שאַט'ן קענען זיי דערמיט שיינקען אונזער אָרימען שוואַכען פֿאָלק! אַזעלכע ווירקליכע פֿאָלקס־אוצרות—ווער איז אין שטאַנד אָפּצושאַטצען? ווען עס זאָל זיך טרעפֿען אַ נס און אַלע אונזערע גבירים אדירים זאָלען פלוצים ווערען מיט אַ מאָל העכסט מילד און אויפֿעפֿענען די גרויסע בייטלען זייערע און שיטען גאָר מיט אַ פֿרייער האַנד די גרעסטע נדבות, קען עס אַלי'ן האָבען אַ פנים ווי אַיין טראָפּען אַקעגען דעם ראַזיגען אמת'ן ים עשירות...

יאָ, טאַקי נאָך אמאָל דאָס אייגענע: נישט אין די געצעהלטע גבירישע הענד, נישט אין קיינעמס הענד אין דער וועלט, נאָר אין אייערע אייגענע הענד, אָרימע ברידער, געפֿונט זיך דער גילדענער שליסעל פֿון די יודישע אוצרות, פֿון יודישען מזל! און וואָס פֿאָדערט פֿון אייך דאָס אמת'ע גליק פֿון אַייער אומגליקליך פֿאָלק? נישט חלילה איהר זאָלט ברענגען פֿון זייניטוועגען עפּיס קרבנות — ווער קען עס האָבען האַר'ן פֿערלאַנגען פֿון אַייך אָפּפֿער? — נישט אפילו איהר זאָלט אַוועקלעגען צייט, פֿערבייגען אַ מאָל אייגענע געשעפֿטען און נעהמען זיך זאָרגען פֿאַר'ן גאַנצען כלל, נאָר נישט מעהר איהר זאָלט אין זינען האָבען ווי עס געהער צו זיין אייער אייגען פֿלייש און בלוט, די אייגענע קינדער זאָלט איהר זעהען מאַכען פֿאַר מענשען, וואָס נישט אונזער פֿאָלק זאָל זיך שעמען מיט זיי און נישט זיי מיט איהם, מענשען וואָס גאָט און לייט זאָלען זיין מיט זיי צופֿרידען, מענשען מיט אַ געזונדען גוף און אַ אמת געזונדער נשמה! ר.

## שְׁלֹמֹה רֶבִּי חַיִּים'ס

(אין ליטא)

### איין אַלְטֶע מַעֲשֶׂה.

געדרוקט בהשתדלות
מענדעלי מוכר־ספרים.

2.

צווישען דעם רינג הייזער אויפֿ'ן מאַרק, דער שענסטער פּלאַט'ן אין דעם שטעדטיל ק... שטעהט אַ הילצערנע שטוב מיט אַ גאַניקעל, כמעט איין פֿאַסאָן, איין געשטאַלט מיט די אַלע אַנדערע הייזער דאָרט, נישט מעהר, וואָס זי איז אָפּגעטינקעוועט, ווייס אָפּגעשמירט פֿאָרענט אויף דער גאַס אַרויס. דאָס קליינשטעדטילדיגע, אַלטפֿעטערישע לעבען איבערהויפּט און דאָס געביי פֿון די הייזער איז, קען מען זאָגען, ווי דאָס לעבען און דאָס בויען נעסטען ביי פֿייגעל, פּראָסט, איין שטייגער, איין שניט פֿאַר אַלע גלייך. עס וועט גענוג זיין, פֿון אַ זֵכֶר וועגען אָפּצומאָהלען איין הויז פֿונ'ם רינג הייזער אין שטעדטיל ק... למען ידעו דורותיכם...

לאָזען קינדס־קינדער וויסען אין וועלכע הייזער די זיידעס זענען געזעסען און האָבען אָפּגעלעבט זייערע יאָהרען אינאיינעם מיט קינדער, קליינע און גרויסע און פֿאַרפֿאָלקען אויף קעסט!

ביים עפֿנען די טהיר קומט מען גלייך פֿון דער גאַס אַריין, אַזוי ווי מען שטעהט און געהט, אין אַ חדר, אַ גרויס, אַ לאַנגס, דער עיקר דירה, וואָס הייסט אייגענטליך שטוב. אין דער הינטערסטער וואַנד פֿון שטוב, אינוועניג אַקעגען דעם אַריינגאַנג, פֿיהרט אַ טהיר אין אַ פֿינסטער הויז, אָהן פֿענצטער, אָהן אַ באַלקען — איין אָרט פֿאַר האָלץ וכדומה נייטיגע זאַכען אין דעם בעל־הבתישקייט און אַ מאָל איז עס אויך אַ שטאַל פֿאַר דער בהמה, בשעת די גרויסע פֿרעסט ווינטער אָדער ווען זי איז קעלביג, אַ שטייגער, און קען נעביך נישט נעכטיגען ווי געוועהנטליך, אין דרויסען. ביי דער זייט פֿון דער דאָזיגער הינטער־טהיר לינקס, שטעהט אַ גרויסער אויבען, אויף צוקאָכען און באַקען, און אונטער דעם פּריפּעטשיק איז דאָ איין אָרט (אַ קאַטוך) פֿאַר עופות, וואָס לייגען דאָרט אייער און קוואָקען, וואָס נעכטיגען דאָרט ביינאַכט, קריכען גאַנץ פריה פֿון דאָרט אַרויס און שפּאַצירען זיך פֿריי אין שטוב אַרום, פֿול אין איטליכעס ווינקעלע, אויף טיש און אויף ביינק. האַרט לעבין דעם אויבען שטעהט אַ רובע פֿון גרינע קאַפּלעס, אַ הויכע, אַ לאַנגע מיט צוויי ביינק: די פֿליישיגע און די מילכיגע באַנק. אָט די דאָזיגע ביידע אויבענס און אַ ווענטיל מיט טהירליך נאָך זיי, וואָס ציהען זיך איבער דער גאַנצער לייגנ שטוב, צעטהיילען זי אין צוויי העלפֿטען, איין העלפֿט איז די הויפּט־דירה, וועלכע איז דאָ בעשריבען, און די אַנדערע בעשטעהט פֿון אַלקערליך פֿאַר זיך און פֿאַר שכנים. אַקעגען דער רובע היינגט פֿונ'ם סופיט אַראָפּ אַ ליימען קוימענדיל, עפּיס ווי אַ מין גלאָק מיט צוויי דראָטענע קייטעליך, איינס אַקעגען דאָס אַנדערע, אונטען ביים ראַנד, צו וועלכע עס ווערד צוגעקייטעלט עפּיס אַ מין אַייזערנע סקאָוואָראָדע (אַ לוטשניק), אויף וועלכער עס ווערד צעלייגט אַ פֿייעריל פֿון דאַרע שפּענדליך צובעלייכטען אַלע אָווענט די שטוב, חוץ פֿרייטאָג צו־נאַכט, וואָס דענסטמאָל ווערד עס בעלויכטען פֿון חלב'דיגע בענשליכט אין מעשענע לייכטער אויפֿ'ן טיש און אין דעם זעקסרעהרענדיגען קופּערנעם היינג־לייכטער אויבען מיט איין אָדלער. דער דאָזיגער „לוטשניק" גיט, ווי די זון, ליכט, וואַרמקייט דעם גאַנצען הויזגעזינד און טראָגט אַריין פֿרעהליכקייט, לעבען אין שטוב. אַרום איהם פֿערברייגגט מען די ווינטער־נעכט אין געזעלשאַפֿט מיט עפּיס אַיין אַרבייט, אָדער גלאַט אַזוי זיך אַ געשפּרעך. ווייבער, היימישע און אַ־מאָל אויך איינע אָדער אַ פּאָר נאָהענטע שכנות אין דערמיט, זיטצען זיך אויף דער פֿליישיגער, אויף דער מילכיגער באַנק, פֿליקען פֿעדערען און בערייידען די וועלט. שבת־צו־נאַכט ווערד צוגעריקט אַ טיש, מען לייענט פֿיר פֿון „ספר־הישר", פֿון „גדולת־יוסף" — און מען עסט געקאָכטע קאַרטאָפֿלעס. חנוכה שפּילען די קינדער אין דריידיל, די עלטערע אין קאָרטען — און מען עסט לאַטקעס. און גלאַט אַזוי אַ נאַכט, ווען מען פֿרעגעלט שמאַלץ, זיטצט מען אויפֿגעריימט, דערצעהלענדיג מעשיות — און מען עסט גריוועץ.

אויך לאָזען די קינדס־קינדער וויסען, אַז אויף מעביל האָבען די זיידעס זיך שטאַרק נישט אויסגעבראַכט. אַ זיידענס שטוב איז אויסגעשטעלט געוועהנטליך אַזוי: לאַנגע הילצערנע ביינק ביי די ווענד, אויבענאָן אַ לאַנגער פֿיערפֿיסיגער, רויטגעפֿאַרבטער טיש, שוואַרצע און ווייסע קעסטעליך, איינס איבער דאָס אַנדערע געהיפֿערט, אין דערמיט טיש אויף צושפּילען אין דאַמקעס. דאָרט אין ווינקעל פֿון דער העלפֿט וואַנד ביז צו דער סטעליע, שטעהט פֿעסט איינגעפֿאַסט אַ ווינקעל־שאַפֿקעלע מיט געגלייזטע טהירליך, פֿון וועלכע עס קוקען אַרויס אַ בעכער מיט קידוש־גלעזליך, אַ הדס'ל פֿון דראָטאַרבייט, אַ חנוכה־לעמפּיל, אַ פּושקעלע פֿאַר דעם אתרוג סוכות, אַ מייערקעפּיל אויף־הידושים, אַ טאַ'ן מיט שעלכליך אויף איינגעמאַכטס, טעמבעקאָווע און וואַרשאַווער־זילבערנע לעפֿעל. גאַנץ הויך אויף דער וואַנד היינגט אַ שפּיגעל, אין וועלכען ס'איז נישט מעגליך זיך אָנצוקוקען ביז מען שטעלט זיך נישט אויף אַ ביינקעל, און נאָך אַלע מיה זעהט מען אין איהם אויס גרין און געל מיט געשוואָלענע באַקען פֿון ציינוועהטיג. ס'איז זיך גלאַט אַזוי אַ שפּיגעל פֿון־שיינקייט וועגען, נישט חלילה צושפּיגלען זיך. פֿע!... דערפֿאַר אַז מען איז שוין אַרויף אויפֿ'ן ביינקעל זעהט מען האָטש דאָס געמעהל אויף די פּאָרטרעטליך, וואָס היינגען איהם ביי די זייטען: עפּיס אַ יוד אַ גאון אין טלית און תפילין, אַ מין יענעראַל אויף אַ פֿערד, האַלב צוביסען פֿון פֿליגען אויך אַ „מזרח" מיט צאַצקעליך און משונה ווילדע חיות, וואָס זענען נאָך לעת־עתה אין אונזערע לענדער נישטאָ.

אויך לאָזען קינדס־קינדער וויסען, אז א ויידענס שטוב אין דעם שטעדטיל ק... איז מסוגל צו אַלע מינים בעדערפֿעניש אין דעם מענשענס לעבען. אַ הויז וואָס זי דינט פֿאַר אַ קעך, פֿאַר איין עס־צימער אויך פֿאַר אַ שלאָפֿצימער, וואו מען שלאָפֿט אויף צונויפגעריקטע ביינק ביי די וועגד און ביי די אויבענס, איז נאָך אין איהר געוועהנטליך דאָ אַ שיינקיל אויך. אַ גאַנצע וואָך, פֿאַר דעם ביסעל שטאָדט־גוים, דלפנים, איז דאָ נאָר בראָנפֿען און בייגעל ; בשעת די ירידים אָבער און די מאַרקטעג, איז שוין אויסגעשטעלט פֿון פֿייגעל־מילך : געקאָכטע אייער, שטיקליך לעבער, הערינג און פֿיש מיט דרילעס אויך. ווינטער בשעת די קאָליאַדעס זייערע פֿערקלייבען זיך אַהער אַלע אָוועגט אויסגעפוטצטע שיקסעס מיט בחורים־שקצים אַ פֿולע שטוב, אַזוי איז שוין פֿון אייביג אָן געשטעלט. זיי זיטצען, קנאַקען ניס, בלאָזען זיך, לאַכען, פלוידערען, זינגען, שטיפֿען און פֿאַרזיטצען זיך שפעט ביז מען שפריצט זיי אָפּ מיט וואַסער און שטופט זיי אַרויס, אַזוי איז אויך שוין פֿון אייביג אָן געשטעלט. און ווען די שטוב טויג פֿאַר אַ טעאַטער אַ פּשיטא שוין טויג זי פֿאַר אַ קאַזאַרמע. קיין בעסער אָרט אויף צומושטירען סאָלדאַטען ווי אין דעם ויידענס שטוב ווינטער אין די אָווענטען איז גאָר נישטאָ. ס'איז וואַרם, ס'איז ליכטיג, מען זעהט ווי צו געבען — אַ פּאַטש...

אָט אַזאַ מין שטוב איז אויך יענע אָפּגעטינקעוועטע צווישען דעם רינג הייזער, וואָס האָט געגעהרט צו רבי חיים'ן — אַ שיינער געהויבענער בעל־הבית, אַ פּאַרנעהם אין דעם שטעדטיל.

צו זיין אַ שיינער יוסטער בעל־הבית איז אין ק... גענוג געוועז צו האָבען אַ שטוב, אַ קיה און עפּיס אַ שטיקעל פּרנסה דערצו, אָבער צו זיין אַ פּאַרנעהם, געאַכט, געליבט איז קאַרג אַ רייכקייט, אפילו אַ סך אַ גרעסערס דערפֿון. אין דער ליטאַ אַ מאל, היינט אפשר שוין נישט אַזוי, האָט מען געלייגט כבוד נישט אַזוי אויף געלד ווי אויף תורה. אַ גראָבער יונג אַ רייכער בלייבט נאָך אַלע זאַכען פֿאָרט טאַקי אַ גראָבער יונג, ווי דעם עולם'ס ווערטיל טאַקי : פֿון אַ חזיר־שווענציל קען מען קיין שטריימיל נישט מאַכען. שפּרינגען אויבענאָן, זאָגען דעות — דאָס ליגט שוין אַזעלכען און זיין גלייכען בטבע, זינט די וועלט איז בעשאַפֿען געוואָרען, מען מוז נאָך אפשר אַמאָל צוזעהן אַזוינס, הערען און שווייגען, נאָר געהמען אַנידערזעטצען אַזעלכע אויבענאָן און קוקען זיי אין מויל אַריין מיט'ן נוטען ווילען, ליעב האָבען זיי באמת פֿונ'ם הארצען — אָ, ניין ! זוכה זיין דערצו בעדאַרף מען זיין אַ למדן, גוט און פֿרום, האָבען זכות־אבות. יחוס איז נישט דאָס בייטעל נאָר דער קאָפּ, דאָס האַרץ. אָט אַזוי איז אין דער ליטאַ איבערהויפּט, בפרט נאָך אין דעם שטעדטיל ק... איין אָרט פֿון תורה פֿון אייביגע יאָהרען, וואו די איינוואוינער זענען כמעט אַלע לומדים, וואו דער בית־המדרש, דער קלויז איז פֿול מיט בעלי־הבתים און בעלי־הביתליך, וואָס זיטצען און לערנען, אויך מיט ישיבה־בחורים, פּרושים פֿון דער פֿרעמד, וואָס פֿערלאָזען ווייב און קינד, קנייטשען די גמרא און עסען טעג ; וואו אַלע פֿאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, פֿערקלייבען זיך אַרום בעזונדערע טישען בעלי־מלאכות און נאָך אַנדערע פֿונ'ם עולם, צוהערען אַ גוט וואָרט פֿון די פּירזאָגער דאָרט — ביי איין טיש „מדרש“, ביים צווייטען „עין־יעקב“, ביים דריטען „פּסוק“, ביים פֿערטען „חובת־הלבבות“ וכדומה אַזעלכע הקירה און מוסר־ספרים ; וואו שבת און יום־טוב ווערד פֿונ'ם בעל־מימר לעבען דעם אָרון־קודש, געזאָגט פֿלאַמענדיגע דרשות, וואָס צינדען אָן דאָס האַרץ פֿון די כנסת־ישראל מיט הייליגער ליעבע צו דער שכינה, וואָס זענען געווירצט מיט טרייסטווערטער פֿון די נביאים, מיט משלים, קלוגע, שאַרפֿע גלייכווערטליך פֿון די חכמים, מיט אַ קול, מיט אַ ניגון וואָס דערקוויקט, צעגעהט זיך אין אַלע אברים. אין אַזאַ שטעדטיל אַז מען איז זוכה צו זיין אַ פֿאַרנעהם, מסתמא איז עס ניט אומזיסט, מסתמא איז מען גוט, פֿרום און געלערענט, מיט אַלע מעלות.

און רבי חיים האָט די אַלע מעלות אין זיך געהאַט. מען קען זיכער זאָגען, ווען רבי חיים'ס „פֿאָנדיש“, זיין גאַנץ פֿאַרמעגען ביי זיך אין שטעדטיל וואָלט ערגיץ אַנדערש זיך אָנגעזעהען ווי גאָר נישט, אַקעגען־זישע וואָלט דער אייגענער רבי חיים מיט זיינע מעלות אין אַ גרויסער שטאָדט געוואַקסען, געווען פֿיל מאָל גרעסער, נאָך געהויבענער.

נאָך אין די רעכטע יונגע יאָהרען, ווען אַנדערע, נישט קיין יודישע קינדער, טראַכטען ערשט חתונה האָבען איז שוין רבי חיים געוואָרען אַ ויידע און שרה זיין ווייב אַ באָבע למזל. לויט דעם חשבון יאָהרען, גערעכענט צוריק, פֿונ'ם זיבעטען קינד לעת־עתה ביז דעם עלסטען זוהן, שוין אַ טאַטע, אויף קעסט נאָך דערוויל, האָט רבי חיים חתונה געהאַט, אַ־פּנים, זעהר פֿריה, כמעט נאָך גאָר אַ קינד. עס האָט געהייסען, ווי שרה פֿלעגט ליעב האָבען אָפּט צו דערצעהלען, אַז זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע און ער, דער מאַן, אַ קליין יונגעלע, האָט מען זיי פּלוצלים אָפּגעשטעלט אַ חופּה, אין דער בהלה, נישט היינט געדאַכט. נאָר ווען בהלה, וואָס בהלה ? — דאָס מאַכט אַ יודען נישט אויס, אַזעלכע אָדער אַזעלכע, אַליין איינס. ווער קען זיך זיי אַלע אָנגעדיינקען ? ! מעגליך אַז דאָס איז געשעהען בשעת דער גזרה מען זאָל נעהמען יודישע קינדער פֿאַר רעקרוטען. דענסטמאָל האָבען יודען זיך געקליגט, אין האַפּעניש אין איילעניש אָפּצושטעלען חופּות ברעקליך קינדער, גאַנץ שכלדיג אַזוי : ווי באַלד אַז דו, שנעק איינער, קענסט זיין אַ זעלנער, קענסט דו דאָך זיין אַ בעל־הבית אודאי !...

רבי חיים איז געווען, ווי מען זאָגט, אי צו גאָט, אי צו לייט. זיין צייט איז געווען אָפּגעגעבען צו דער פּרנסה, צו תורה און אויך צו שטעדטישע זאַכען. יאָהרענלאַנג האָט ער געהאַלטען די טאַקסע פֿונ'ם פֿלייש אין דעם שטעדטיל. יאָהרענלאַנג אַוועקגעווען אַ קאַזאָנער רב דאָרט, נישט בעלוינט צו ווערען דערפֿאַר. פֿלעגט אויך זאָגען אומזיסט אַ שיעור גמרא מיט פּוסקים פֿאַר יונגע לייט. זיין הויז איז געווען תמיד פֿול, דער אַריין יענער אַרויס. קיין זאַך האָט זיך נישט געטאָן אָהן איהם, וואו ערגיץ אַ שפּאַרעניש, אַ לאָדעניש איז ער געווען דער פֿערמיטלער. בשעת עפּיס אַ נויט אין כלל־זאַכען פֿלעגט מען אָנקומען צו זיינס איין עצה און וועגען אַלסדינג מיט איהם זיך מיישב זיין.

נאָר צו וואָס אַ ים ברייען ? איין סצענע דאָ, למשל, וועט זאָגען בעסער פֿון אַלע ווערטער. שאַ !...

---

## וואָס לייענען פּראָסטע יודען ?

(ענדע.)

און ווירקליך, ווען אַ פּראָסטע לאה אָדער ברייגע ווייסט ווער איז געוועזען אברהם, משה, דוד, וואָס יודען האָבען געטהון אין מצרים, וואָס זיי האָבען געהערט אויף דעם באַרג סיני און נאָך פֿיעל זאַכען, וואָס אַז אַ יוד ווייסט זיי ניט קען ער קיין יוד ניט זיין,— ווייסט אונזער ליזע אָדער בערטהע אַז מען דאַרף „שפּיעלען אַ ליעבע“, אַז מען דאַרף זוכען מאָדעס און פּוצען זיך איבער די כוחות, אַז די קאָרטענוואָרפֿערין וועט איהר זאָגען דעם אמת, אויב איהר ליעבע וועט אויסגעהאַלטען ווערען, זי ווייסט אפשר אויך אַז מען טאָר ניט לייען אויף אַ פֿולער וואָך און ניט שלאָפֿען אויף הינערשע פֿעדערען. פֿרעגט זי בחרם וואָס איז איהר עלטער עלטער פֿאָטער אברהם, וואָס איז משה רבינו, דוד המלך, און אויב אפילו עס זענען געווען אַזעלכע מענשען אויף דער וועלט.

ניט אַ סך מעהר פֿון איהר ווייסט אויך דער עדלער עלעגאַנטער איגנאַץ אָדער מאָריץ, וואָס איז מחילה נישט מעהר ווי אַ קאָמי אין אַ מאַגאַזין, אָדער אַ „פּאָדמייסטער“ ביי אַ זייגערמאַכער און אופ'ן בעסטען אופ'ן אַ לעדיגגעהר ביי אַ שיינעם טאַטען.

איין אַנדערער וועט אפשר פֿרעגען, צו וואָס דאַרף אַ פּראָסטער יודישער בחור אָדער אַ פּראָסט יודיש מעדיל האָבען מעהר אַ בעגריף אין דער יודישער געשיכטע ווי אַ פּראָסטער מענש פֿון איין אַנדער פֿאָלק אין דער געשיכטע פֿון זיין נאַציע ?

מען קען אָבער אין דעם הינזיכט ניט פֿערגלייכען אַ יודען צו איין אַנדערען. דער וואָס זיצט אויף זיין נאַציאָנאַלען לאַנד, רעדט זיין נאַציאָנאַל־שפּראַך און לעבט זיין אָריגינאַלעס נאַציאָנאַל־לעבען, דער געהער אין גאַנצען צו זיין פֿאָלק, האָטש ער ווייסט ניט זיין געשיכטע. אָבער

א פראָסטער יודישער בחור אדער א פראָסט יודיש מעדיל פון דעם נייעם
דור, וואָס דאָס פרומקייט איז ביי זיי אביסעל אדער פיעל מעהר ווי
אביסעל אבגעקיהלט, און בעזונדערס ניט קיין נאַציאָנאַלע איינגעשאַפ־
טען ווי לאַנד און שפּראַך, אז זיי האָבען ניט קיין בעגריף פון דער
יודישער געשיכטע און קענען ניט דעריבער זיך שטאַרק פיהלען אלס
קינדער פון זייער פאָלק—מוזען זיי זיין זעהר שוואַך צוגעבונדען צו זייער
פאָלק. און אויב אפילו עס איז יאָ דאָ ביי זיי עפּיס פון א פאָלקס־
געפיהל, מוז עס אויך ווערען כמעט צו גאָרנישט דורך דעם גוטען
מוסר וואָס זיי לערנען פון די שמאָטע־ביכליך: פעראַכטונג, און אָפּט
אויך שנאה, צו זייערע עהרליכע נור פראָסטע עלטערען, שעמען זיך מיט
יודישע נעמען און מיינען אז דאָס גאַנצע לעבען בעשטעהט נור אין
„ליעבעניש" און אין מאָדעס.

אָט דאָס הייסט וועניגער פון א גול — א דעפיציט, א שרעק־
ליכער דעפיציט. ניט אומזיסט האָט דער פּראָפעסאָר חוואָלסאָן מיט
עטליכע יאהר צוריק געשריבען, אז ווען ער וואָלט געדאַרפט חתונה
האָבען, וואָלט ער בעסער גענומען א פראָסטע „צאינה־וראינה" יודענע,
איידער א „היינטוועלטינע מאַמזעל".

ס'איז צייט אז די יודישע שרייבער, וואָס זענען מעהר מאַראַליש,
מעהר געבילדעט און ליעבען מעהר זייער פאָלק, אלס די געוויסע ראָ־
מאַנען־פאַבריקאַנטען, און קענען דערביי אויך שרייבען, זאָלען זיך
נעהמען די מיה דורכ'לופטערן דעם שימעל וואָס ליגט אויף אונזערע
יונגע פראָסטע לעזער, אביסעל עדלער מאַכען זייערע געפיהלען, פער־
יודישען זייערע הערצער און שטעלען ווי אין א העכערער מדרגה אי
אלס יודען, אי אלס מענשען.

עס פערשטעהט זיך אז דאָס קען נור זיין דורך איין נייעם אָרט
שרייבען מיט נייע ספרים און ארטיקלען, וועלכע זאָלען גאָר ניט גלייך
זיין צו די בבא־מעשיות פון שמ"ר מיט זיין קאָמפּאַניע. אזעלכע ספרים
און אַרטיקלען, קענען בריינגען פיעל נוטצען אויך אונזערע עלטערע
פראָסטע יודען.

ערשטענס דאַרף מען אַרויס געבען פאַר זיי צייטליכע זשורנאַלען,
אין וועלכע א יודישער פראָסטער לעזער זאָל געפינען, חוץ נייטיגע
פאַר יעדען מענשען וועלטס ידיעות, נאַכריכטען פון דעם יודישען
שטאַנד און לעבען, פון זייער ליידען און פריידען אין פערשידענע
מדינות. גוטע און ריכטיגע בעשרייבונגען פון דעם ווירקליכען לעבען
מיט זיינע פּאַקטישע ערשיינונגען וועלען ביסליכווייס אויסראָטען די
מוחות, וואָס זענען פערדאַרבען געוואָרען פון די נאַרישע חלומות און
פאַנטאַסטישע עפעקטען מיט פאַלשע מיינונגען. מיט וועלכע די נייע
בבא־מעשיות זענען פול, און די נאַכריכטען פונ'ם יודישען לעבען אין
אַלע מדינות וועלען פעראינטערעסירען אונזערע לעזער אין דער לאַגע
פון זייער פאָלק, ממילא וועלען זיי זיך פרעהען מיט זייער שמחה, זיפצען
אויף זייערע צרות, און אזוי וועלען זיי אַנהייבען ליעבען זייער פאָלק
אין גאַנצען, פיהלען זיך אלס קינדער פון איהם, אלס יודען, אין אַנ־
טהייל נעהמען אין זיין האָפנונג...

אויך איז זעהר נייטיג צו בעקענען דעם יודישען פראָסטען עולם
מיט דער יודישער געשיכטע האָטש אין קליינע מאָסען. די יודישע
געשיכטע איז פרעמד אי דעם אלטען דור, אי דעם נייעם. דער אונ־
טערשייד צווישען די ביידע איז נור דער, אז דער אלטער פראָסטער
דור האָט עטוואָס א טונקעלען בעגריף פון דער יודישער געשיכטע ביז
שלמה המלך, ווייסט איינגע נעמען פון די נביאים, האָט געהערט פון
דעם ערשטען און דעם צווייטען חורבן, פון גלות שפניא, און דער יונגער
פראָסטער דור ווייסט גאָר נישט. אָבער די יודישע געשיכטע איז זעהר
וויכטיג פאַר יודען, און זי דאַרף זיין גוט בעקענט ניט נור דעם יונגען
דור, נאָר אויך דעם עלטערן דור.

נאָך מיין מיינונג האָט מען נעדאַרפט פאַר אונזערן עולם שרייבען
א יודישע געשיכטע מיט פערשידענע פערמישטע ערצעהלונגען, אזוי ווי
דער ספר „זכרונות לבית דוד", נאָר ניט אָנהויבען פון גלות בבל, אזוי
ווי דער מחבר פון דעם ספר, וואָס האָט איהם געגעבען פאַר אזעלכע
וואָס ווייסען שוין די יודישע געשיכטע ביז יענער צייט. נאָר פון יציאת־
מצרים, אזא רייהע אַנציהענדע און אינטערעסאַנטע ערצעהלונגען פון אלע
צייטען פון אונזער פאָלק, מיט זיינע פיעל ליידען מיט ווייניג פריידען,
מיט די טהאַטען פון אונזערע בערימטע מענער אין אלע צייטען, פון
אונזערע טויזענדער קדושים מיט זייער העלדישען קדוש־השם, וואָלט
זעהר אנגענעהם געוועזען פאַר אונזער פראָסטען פאָלק און געבראַכט
איהם אויך פיעל נוטצען.

מען האָט נעדאַרפט אויך מיט אזא אַרט פאַרשפרייטען צווישען
פראָסטען יודישען עולם, דעם אלטען און יונגען, גוטע מאַראַלישע זיט־
טען (מדות). אמת, דער פראָסטער יודישער עולם, נאָך ביז איצט קען
פערגעסטערען נור אזא מאַראַל, וועלכען ער שעפּט פון „היילינע ספרים".
דער מנורת־המאור איז ביי איהם טייער און געאַכטעט ניט איבער דעם
שיינעם מאַראַל וואָס ער לערנט אונז, נאָר פערקעהרט, ער אַכטעט דעם
מאַראַל ווייל ער איז געשריבען אין דעם מנורת־המאור. נאָר מען דאַרף
האָפען, אז בשעת דער פראָסטער עולם, בעזאָנדער פון דעם יונגען דור,
וועט וויסען צו שעטצען זיין פאָלק און צו ליעבען עס, וועט ער אויך
שעטצען זיין מאַראַל און זיינע גוטע זיטען. אונזער פראָסט פאָלק פון
דעם עלטערן דור האָט נאָך גענוג שיינע מעלות אין זיך, וועלכע קענען
דיענען זיינע קינדער פאַר א ביישפּיעל, אויב זיי, די קינדער, וועלין וויסען
צו אַכטען זיי. פערשטעהט זיך, אונזער פאָלק ווי אלע פעלקער, בעז־
זאָנדערס פערפאָלגטע, האָט חסרונות אויך, נאָר אז עס וועלען זיין ביי
אונז גוטע זשורנאַלען פאַר'ן פראָסטען פאָלק וועט מען קענען אָנווייזען
אויך אויף די חסרונות, כדי די קינדער זאָלען זיי פערבעסערען.

גיט נאָר דעם פראָסטען פאָלק גוטע ביכער, ערקלעהרט איהם
ווער עס איז דאָס פאָלק ישראל, ווייזט איהם אויף זיין אָרט צווישען
אַנדערע נאַציעס, זעהט אויפלעבען אין איהם זיין נאַציאָנאַלע האָפנונג
און גיט איהם מוטה און כח צו שטרעבען ער זאָל זיין ווערטה צו
טראָגען דעם עבינען היסטאָרישען נאָמען „ישראל" און קומען צו דעם
אָרט און דער מדרגה, אויף וועלכע ער איז געשטאַנען אין זיינע בעסטע
צייטען. און אין דערוועלבער צייט ניט אָפּצושטעהן פון דער ליכטיגער
קולטור, וואָס בעזיצט איצט די בעסטע טהייל פון דער מענשהייט.

מ. ל. ליליענבלום.

## קיין באזעל.

(פאָרטזעטצונג.)

אָט אין טיעפען טהאַל אַרומגערינגעלט מיט גערטנער פון אלע
זייטען, ליעגט דאָס שטעדטיל אַליין. עס איז נאָך איינגעוויקעלט אין
א טומאַן, וואָס ציהט זיך נידעריג איבער דער ערד און בעהיט, א פנים,
איהר שלאָף, וואָס ווערט אזוי זיס, אזוי געשמאַק איידער די זון געהט
אויף. דאָס שטעדטיל שלאָפט נאָך אויך. נור פון עטליכע קוימענס
גאָר אין עק צווישען די גערטנער ציהט זיך א שוואַרצער, א שווערער
רויך, וואָס שלאָגט זיך מיט גרוים מיה דורך דעם טומאַן און ווי
א גלייכער זייל הויבט זיך אויף צום הימעל.

בעקאַנט איז מיר דאָס שטעדטיל אויך! אין מיטען, צווישען
א שיינעם, א ליעבליכען בוקעט פון גערטנער, וואו די בוימער בייגען זיך
ביז דער ערד, בעהאַנגען מיט פרוכטען, וואָס פאַלען אַראָב מאַסענווייז
אויף דער ערד און פוילען דאָרט, אין טיעפען גראָז, ליגט א גרויסער
בלאָטיגער פלעק, בעדעקט מיט אַנגעקנייטענער בלאָטע, וואָס איז
איבערגעמישט מיט שטרוי מיט היי, פעדערען, מיט קויטה פון פערד,
מיט אלטע שמאַטעס, צערעפּעס. צייטענווייס ליגט דאָרט איינגעקנייטען
טיעף א געפּגרטע קאַץ, א הון, א געפּגרטער הונד אפילו. אַרום דעם
בלאָטיגען פלעק ציהען זיך שטיבליך מיט קאָמישענע דעכער, מיט
ווענד פון לעהם, אויסגעשמירט ווייס, בלוי, געל. אין יעדען שטיבעלע
כמעט א קלייטעל, אין יעדען קלייטעל פאַר דריי פיאַטאַקעס סחורה.
א שטיקעל זייף, א פונט הלב'נע ליכט, א שטיקעל זשיוויצע, א שטריקעל,
א בלעכענע קוואָרט, א שטיקעל ווייסע לעהם און כרומה.

שטיל, רוהיג, קיין לעבעדיגע נשמה. אויף דער שוועל זיצט
א יונג מיידעל מיט א זיס לעכטיג פנים און אַרבייט א זאָק, אדער א יודענע.
וואָס האלט אויף די קניעס א קליין בחור'ל און זוכט איהם אין קאָפּ, בשעת

יענער שרייט אין איין קול אז ער וויל עסען. אַמאָל ווייזט זיך אויף דער שוועל אַ יוד אין טלית און תפילין מיט אַ אויסגעצויגען פנים, גיט אַ קוק אַרויס פון אַלע זייטען — און ווערט באַלד פערשוואונדען.

אָט דאָרט ביי אַ טהיר שטעהט אַ יודענע און קאַטעוועט אַ יונגעל, וואָס וויל ניט געהן אין חדר אַריין. „פלוימען האָט זיך איהם פערגליסט — שרייעט זי מיט אַ בייז קול און וועלכען עס הערט זיך טרעהרען — וואו זאָל איך עס דיר נעמען פלוימען, רוצח איינער, דאַנק גאָט אַז מען האָט אַ טריקען שטיקעל ברויט, וועה איז די יאָהר מיינע!" אויף דעם פלאַטץ דרעהט זיך אַרום עטליכע יודען און קוקען אַרויס. אויף וואָס, ווייסען זיי אַליין ניט.

און דאָרטען אונטער דעם פלאַץ, אין אַ קרום געסיל, וואָס געהט באַרג אַרויף און באַרג אַראָב, צווישען גריבער און קאַליזשעס, שטעהען צעוואָרפען אין אַלע זייטען שטיבליך מיט נאַקעטע דעכער. דאַ וואוינט דער שוחט, אַ הויכער, אַ דאַרער יוד מיט פייער טעכטער אויף חתונה צו מאַכען, דער רב, אַ אַלטער אַ צעבראָכענער יוד פון אַ יאָהר זיעבציג, מיט אַ אויסגעדאַרט פנים, שוואַרץ ווי די ערד פון הונגער. דאָ וואוינען אַלע מלמדים, אַלע בעלי־מלאכות. דאָ געפינט זיך די באָד מיט דער מקוה, און טאַקי דאָ נעבען איהר, נעבען דער גרעסטער קאַליזשע, להבדיל, דאָס מקום־קדוש, אַ אויסגעקרימטע שטוב מיט אַ איבערגעריסענעם דאַך מיט אויסגעשלאָגענע שויבען; און אין דעם מקום־קדוש זידעלט דער תקיף פוג'ם שטעדטיל דעם אַלטען רב יעדען טאָג ביי דעם דאַווגען, און אַז ער ווערט שטאַרק ברוגז, לאָזט ער איהם ניט געבען דאָס וואָכענגעלד, און די אַלטע רביצען מיט די יתומים די אייניקליך בלייבען אָהן מעהל און אָהן פלייש אויף שבת. גאָר וואָס מאַכט דאָס אויס, דערפאַר איז ער תקיף, אויסגעפיהרט ויינס...

און אַזוי ווי דאָס שטעדטיל, אַזוי זענען אַלע שטעדטליך אין דער גאַנצער סביבה. ניין און ניינציג פערהונגערטע, דערשלאָגענע, וואָס פלאַגען זיך אויפ'ן טוידט פאַר יעדען ביסען ברויט און איינער אַ תקיף, ואָס טרעט אַלע מיט די פיס, ווייל לו הכסף ולו הזהב, און אַלע קוקען אויף איהם באימה וביראה, זאָגאר מיט שטאָלץ, קוועלען גאָר אָנזעהענדיג ווי ער פאָהרט דורך אויף דער נייער ברישקע מיט צווייא „קאַטעס" אָדער אַז זיי ווערען געוואָהר, אַז ער האָט געקויפט דער טאָכטער אַ „פאָרטעפליאַן", גלייך ווי פון דעם נחת לעבען זיי...

עס אלהי אברהם! וואָס איז געוואָרען, און וואָס ווערט פון דיר מיט יעדען טאָג. אָט דאָס הענגט איבער אונז די ביטערע קללה פון דעם לאַנגען גלות! מחוץ תשכל חרב ומחדרים אימה...

ווער דאָס אַמאָל האָבען אַ ענדע!

דער צוג פליהט, פליהט, שוין נאָהענט דער גרענעץ. איך האַפ מיך אַלע מאָל צום דער בוזעם־קעשינע, טאַפ מיט אַנגסטען צו האָב איך דאָס גרינגע ביכעלע. וואָס בין איך אָהן דעם. דאָס ביכעלע אָהן מיר האָט נאָך עפּיס אַ ווערטה, אָבער איך אָהן דעם ביכעלע בין דאָך גאָר כלא היה. וואָס איז, מישטיינס געזאָגט, אַ זינדיגער מענש אָהן די דאָזיגע זכיות. אַ שפּין אויף דער וואַנד האָט אויך מעהר ווערטה.

אין וואַגאָן דערווייל, וואו אַלע זענען שוין אַרויסגעקראָכען פון זייערע לעכער, פון די קאָפּע און זיך צונויפגענומען אין איינעם, איז געוואָרען אַ שמיעס וועגען יודען, אַזוי ווי דער סדר־היום פאָדערט אין היינטיגע צייטען. איינער מיט אַ לאַנגער זשופּיצע, מיט לאַנגע האָר, אַ פנים פון די כלי־קדש, דער צווייטער אַ לעהרער פון גימנאַזיום, דער דריטער אַ רייכער פּריץ האָבען זיך אויסגערעדט נעביך זייער ביטער האַרץ איינער פאַר דעם אַנדערען, געוויינט רחמים, ווי זיי, פינסטערע יתומים נעביך, ליידען פון די יודען, אַז עס איז געוועזן, איך זאָג אייך, אַ גאָט'ס רחמנות צו הערען. אַ קליינינקייט, די יודען! זיי האָבען זיך גענומען אויף אַלע אומות־העולם און ניט אַנדערש זיין מוזען זיי עוקר מן השורש זיין, און יענע, נעביך, די שוואַכע גוטהערציגע שעפּעליך, וואָס קענען קיין צוויי ניט צעהלען, האַלטען אין איין ציטערען, אויף אַלע איז געפאַלען אַ שרעק: אָט, אָט קומט דער יוד און מאַכט פון זיי אַ תל־עולם. איך זאָג אייך, אַ פחד פשוט. נאָר איז מען זיך פאָרט נישט מעהר ווי אַ בשר־ודם, ווער איך הערענדיג די אַלע זאַכען שטאַרק שטאָלץ. אַ קליינינקייט, געהערען צו איין פאָלק, וואָס די גאַנצע וועלט האַלט פאַר איהם אין איין ציטערניש! נאָר וואָס פאַר אַ נאַראָנים יודען זענען, חלעבין. האָבען אַזאַ שרעקליכע מאַכט, וואָס צו איהר איז גאָר קיין גלייכען ניט דאָ, און דערביי לאָזען זיך שפייען אין פנים, טרעטען מיט די פיס פון יעדער נידעריגסטער בריה; אָדער, אַ שטייגער, האָבענדיג אַזאַ מאַכט איבער דער גאַנצער וועלט, ווי דערלאָזט מען עפּיס אַז די בידנע שעפּעליך נעביך, וואָס ווייסען נור גאָט און ציצית, זאָלען, פערשטעהט זיך אַלס פון גוטסקייט, פון באַרימהערציגקייט, קוילען, פערברענען, אויסוואַרגען, דערטרענקען הונדערטער טויזענדער יודען. צי נאָר איין אַנדער קשיא: שטייטש, טפשים וואָס איהר זענט, אָט האָט איהר „פערהאַפט" די גאַנצע וועלט, נישט איבערגעלאָזט קיינעם גאָר נישט, עסט זיך האָטש איינמאָל אין אייער לעבען זאַט אָן. וואָס געהט איהר עס אַרום כסדר טויט הונגעריג, מיט אויסגעצויגענע פנימ'ער, מיט בלוי פערדאַרטע ליפּען, און אַז אייערע קינדערליך שרייען אין איין קול: עסען, ענטפערט איהר זיי מיט אַ ביטערען קרעכץ, אָדער גאָר מיט אַ קלאַפּ. אָט שטעהען געדרטנער אָפגעשיט מיט פּרוכטען, האַלב פון זיי שיטען זיך אָב אויף דער ערד און פאַלען אין גראָז, און אַז יעקע'לע אדער יצחק'ל צעוויינט זיך און בייט עטליכע פלוימען אין חדר אַריין, נעהמט די מאַמע און שלאָגט איהם מכות־רצח, און לאָזט צו איהם אויס דאָס גאַנצע ביטער האַרץ. שטייטש, טפשה איינע, געה און נעהם וואָס דיין האַרץ גליסט. סיידען דו ווייסט גאָר נישט פון דיין שרעקליכער מאַכט? ווייסט איהר וואָס זי וועט אייך ענטפערען? „די בידנע שעפּעליך וועלען מיר ברעכען ריק און לענד..." וואָס אַ נאַרישע יודענע קען זיך איינרעדען...

---

II.

האַלב צעהן קומען מיר צו דער גרענעץ. דאָ שטעהט מען אָב פערציג מינוטען, אַלס מהמת דעם אייגענעם טעם פון קשה עלי פרידתכם. כבקרת רועה עדרו, אַזוי ווי אַ פּאַסטוך קוקט איבער די טשערעדע, מעביר צאנו תחת שבטו, פיהרט דורך די שעפּעליך אונטער דער רוט, און אַלעס ווערט פערשריעבען אין ספר־הזכרונות, מען זאָל וויסען ווי ביסטו דאָ ערגעץ שעפּעלע, אָדער דו קוהעלע, איהר זאָלט זיך הלילה ערגעץ ניט פערבלאָנזען, צווישען שונאים, זיך אויסלערנען זייערע זיסע מדות: ווערען עזות־פנימ'ער, צעלאָזט, ניט וועלען הערען איין עלטערן, האָבען פאַר יעדען דרך־ארץ א. ד. ג.

דער וואַקזאַל, איין אַלטער, אַ שמוציגער, אַ פינסטערער, איז פול מיט יודען, ווייבער און קינדער פונ'ם שטעדטיל. אין אַלע ווינקעליך שטעהן רעדליך. איינער דערצעהלט עפּיס און די איבריגע הערען, ניט ווייל עס אינטערעסירט זיי אַזוי שטאַרק, נאָר ווייל זיי ווייסען ניט, אַ פנים, וואָס צו טהון. דאָס זעהט מען אַרויס אין זייערע אַראָבגעלאָזטע קעפּ, פערליינטע הענד און האַלב צוגעמאַכטע אויגען. אַ טהייל דרעהען זיך אַרום נעבען די רעדליך, אָדער בלאָנזען אַרום פון איין רעדיל צום אַנדערען, שטעלען זיך אָב אַ ווײלע און בלאָנזען ווייטער, אַזוי ווי אַ שטאַרק הונגעריגע קוה, וואָס דרעהט זיך איבער דעם מאַרק־פּלאַץ, שטעלט זיך אָב נעבען איין ליידיגען וואָגען, נעבען אַנדערען, צעשפּרייט די נאָזלעכער און דרעהט זיך נעביך ווייטער; אַ טהייל לויפען הין און הער אין די לאַנגע שמאָלע פערחושכטע קאָרידאָרען, גלייך ווי שטאַרק בעשעפטיגט, די לאַנגע קאַפּאָטעס צעלאָזט, די פאות באָמבלען זיך אין אַלע זייטען, די פאַנטאָפעל קלאָפּען און פּליעסקען, און פון איין עק ביז דעם אַנדערען פליהען איבער הילכדיגע קולות: „ביירעל לייב", יעדעס וואָרט צעצויגען מיט אַ וויינענדיגען נוסח. בעגעגנען זיי אַ „רוסישען" שטעלט מען זיך באַלד אָב: צי זוכט ער ניט עפּיס, צי דאַרף ער ניט עפּיס, און איהר מעגט שווערען ביי וואָס איהר ווילט, אַז איהר זוכט גאָר נישט און דאַרפט גאָר נישט, וועט ער אייך טאַקי בפירוש ניט גלויבען און ניט אַזוי גיך וועט ער פון אייך אָבטרעטען. איהם שטעלט זיך שוין פאָר צוויי אדער גאַנצע דריי קרייצער [1]) פערדינסט; פאַר די

[1]) דריי קרייצער זענען עטוואס ווייניגער פון $2^1/_2$ קאפ.

דריי קרייצער קויפט ער איין זעמעלע [1]) און לויפט מיט איהם טאקי באלד אהיים. ווארום די גאליציאנער יודען, מוזט איהר וויסען, זענען נאך אויך ביז אהער ניט געפאלען אויפ'ן שכל בענוצען זייער „שרעקליכע מאכט" חאטש איין מאל זאט זיך אנצועסען, און חאטש זיי האבען „פערהאפט" ווי דער שטייגער איז פון יודען, גאנץ גאליציען, „אויפגעגעסען" די גאנצע פוילישע שליאכטע, געהט דער גרעסטער טהייל פון זיי כסדרי ארום הונגעריג מיט אפענע מיילער און שמעקען די לופט, ווי די בהמות נעביך אויף דעם אויסגעדארטען, אויסגעברענטען פעלד אז עס געהט א לאנגע צייט קיין רעגען ניט. א פנים „שליאכטע" איז זעהר א פאסקודנע מאכל אין זאט קען מען פון דערפון ניט ווערען: עס קען נור פארפאסקידנען דעם מאגען. ביי די גאליציאנער יודען אין די אויגען זענען די „רוסישע" יודען שוין די גליקליכע, עס הייסט די רייכע. שטעלט אייך איצט שוין פאר, ווי גליקליך און רייך זיי אליין זענען. א קרייצער איז ביי זיי גאר א גרויסע מטבע, און פאר צעהן וועט א גאליציאנער יוד אדער א יודענע לויפען אין עק וועלט. גלייך ווי ביי די יודען אין דער ליטע, איז ביי זיי קיין שום ארבייט ניט שווער, ניט מיאוס, אבי פערדינען אויף דעם שטיקעל ברויט. פאר פינפציג קרייצער א טאג ארבייטען אויך ווייבער, מיידליך און קינדער פון צוועלף און פון דרייצעהן יאהר, אפט אין דער פינסטער, אין פערדומפטער לופט. נאר פאבריקען איז זעהר ווייניג אין גאליציען, בעזונדער אזעלכע וואס געהערען צו יודען: און דאס פערשטעהט מען אליין, אז א פוילישער שליאכטיטש וועט א יודען קיין ארבייט ניט געבען. עס געפונט זיך אויך גענוג יודישע שליאכטיטשעס, וואס געבען יודען קיין ארבייט ניט. אזעלכע נידריגע בריות זענען אויך אונז גוט בעקאנט. ביי אונז זענען זיי אויך צו גענוג. דאס זענען אויסווארפען, וואס קיין פאלק אויף דער וועלט, ווי נידריג עס שטעהט, האט עס ניט, א חוץ אונז יודען. א יוד, וועלכער פערטרייבט א מענשען, וואס וויל פערדינען ברויט פאר די קינדערליך, דערפאר וואס ער איז א יוד! און ווען, אין וואס פאר א צייט! ווען די פוילישע שליאכטע האט זיך גענעהמען מיט אלע מיטלען אויף די יודען, רייסט ביי זיי ארויס דאס שטיקעל ברויט פון דעם מויל, פערטרייבט זיי פון אלע פרנסות, נעהמט ביי זיי צו אלע מיטלען צום לעבען, פיהרט אקעגען זיי א מלחמה, אזוי ווי אקעגען ווילדע חיות, אהן רחמנות אהן א שום מענשליכען געפיהל. גלייך ווי אבגעמאכט אויסצוראמען אלע יודען. און אין אזא צייט געפינען זיך יודען וואס פעריאגען אויך דעם יודען פון דעם שטיקעל ברויט, העלפען דער שליאכטע פערהונגערען זייערע ברידער. און די ערד טראגט איבער א זעלכע נפשות! דערפאר די וואס גיבען שוין א יודען ארבייט, זעהען צו בעקומען דעם שכר פאר דער גרויסער מצוה טאקי באלד אויף דער וועלט, און דערום צאהלען זיי איהם ווייניגער, וועדליג זיי צאהלען אנדערע. און וואס קען נעביך דער יודישער ארבייטער טהון, וואהין געהן? ער שעצט זיך נאך גליקליך אז ער קען עפעס פערדינען. הונדערטער טויזענדער געפינען זיך דאס' אויך ניט. אין גאליציען רעכענט מען ביז אכט הונדערט טויזענד יודען, און פון זיי העכער האלב האבען ניט מיט וואס א טאג איבערצוקומען. יא, די שליאכטע האט אויסגעפיהרט, האט מנצח געווען די געבינדענע, דערשלאגענע יודען! אין גאליציען געפינען זיך ביז א האלבען מיליאן יודען, וואס געהען ארום אין די הייזער, פשוטע בעטלער, וואס שלעפען זיך ארום פון איין ארט אין דעם אנדערען, מיט די ווייבער נעביך מיט די קינדערליך, וואס געהען אויס פון הונגער.

שישי ושמחי בת אדום! טאנץ, פרעה זיך שליאכטע! זינגט לויב־ליעדער, זייט מקטיר קטרת, קסיאנדזען, יעזואיטען, וואס ארבייטען אין איינעם מיט דער שליאכטע אין זייער מלחמה געגען די יודען, אלס לשם־שמים, פערשטעהט זיך נור פון גאטס וועגען, און פון גרויס ליבשאפט צו אלע זיינע בעשעפעניש, צו אלע גלייך אפילו צו דעם שונא. יא, פרעהט אייך. א קלייניגקייט אזוי פיעל מעשים טובים: פינף־הונדערט טויזענד יודען געלאזט געהן אין די הייזער! ווי גרויס דער שכר אייערער איז! אשריכם וטוב חלקכם, אזוי וואהל איז צו אייך, און אזוי וואהל איז צו אייערע נשמות, וואס האט מען דא צו רעדען. עולם־הבא האט איהר שוין גענוג, דאכט זיך. נאר ניין, איהר זענט נאך ניט צופריעדען, עס איז אייך נאך ווענינ. „למען ציון לא אחשה", האט איהר א פנים געגעבען א נדר. די דריי הונדערט טויזענד יודען, וואס געהען נאך ניט אין די הייזער, לאזען אייך ניט רוהען. אין־המצוה נקראת אלא על מי שגמרה, — די מצוה רעכענט זיך נור אויף דעם וואס ענדיגט זי, ווילען זיי טאקי במהרה בימיהם דערלעבען דעם נחת צו זעהן אלע יודען זאלען שוין זיין בעטלערס, און דערום עוד ידם נטויה — די מלחמה הערט ניט אויף, פערקעהרט, זי ווערט מיט יעדען טאג שרעקליכער און אהנערבארימדיגער. און אזוי ווי עס דארף צו זיין אין א מלחמה און נאך אין א מלחמה לשם־שמים, בענוצט מען אלע מיטלען. עפיס א קלייניגקייט שליחי מצוה! זיי מעגען דאך אלעס טהון. טהוען זיי טאקי. — אין אלע צייטען און אין אלע לענדער איז די שנאה צו די יודען, גלייך מיט דער שנאה צו אלע אנדערע פעלקער און מענשען וואס האבען ניט דעם זעלבען גלויבען דהיינו צו מאהאמעדאנער, געגאנגען פון אויבען אראב, דאס הייסט די דאזיגע שנאה אין פאלקס הארץ האבען איינגעפלאנצט די העכערע קלאסען, דעם פאלק'ס פיהרער און לעהרער. דאס פאלק אליין איז געוועזן תמיד כמעט נור ווי א כלי, וואס האלט אין זיך איין און גיבט פון זיך ארויס, נאר דאס וואס אנדערע האבען אין איהר אריינגעלייגט. אין דריבער טאקי איז עס געוועזען ביי אנדערע כחומר ביד היוצר, יעדער האט דערפון געמאכט וואס זיין הארץ האט געגליסט, עס זאל איהם קענען בעסער דיענען. יעצט געהט פאר דאס נעמליכע. דער חלוק איז נור אין דעם, וואס היינטיגע צייטען איז פאראנען אסך מעהר לעהרער און פיהרער. אין פריהערדיגע צייט זענען פאלקסלעהרער געוועזען די גייסטליכע, נור כמעט זיי האבען געווירקט אויף דעם פאלק, פון זיי האט ער בעקומען אלע זיינע מיינונגען, געדאנקען, געפיהלען אפילו. זיי האבען איהם געלערנט, וואס מע דארף ליעב האבען, וואס מע דארף פיינד האבען, וואס מען דארף האלטען פאר גוטס און וואס פאר שלעכטס און דעסטגלייכען. אין אונזער צייט זענען נאך צוגעקומען די שולען, אויך א מין חומר ביד היוצר, וואו מען מאכט אויך פון די קינדערליך נעביך, וואס יענער בעדארף; די צייטונגען, וואס יעדער יונגעל, יעדער עזות־פנים, יעדע נידריגע בריה האט דאס מעגליכקייט צו דרשנען פאר טויזענדער און אמאל פאר צעהנער־און־הונדערטער־טויזענדער טפשים, וואס זענען זיכער אז אלעס, וואס שטעהט אויף דעם בלאט, איז תורת־אמת און גלויבען אין אלעמען, וואס די מיני בריות ריידען זיי איין.

מיט די אלע און נאך פיל אנדערע מיטלען ארבייט מען אין גאליציען איינצופלאנצען א פייערדיגע שנאה צו די יודען. אין די קאטאלישע קאסטיאלען, דרשנען די קסיאנדזען פאר דעם פאלק מיט פייער, אז זיין גאנצער אומגליק, זיין ביטער ארומקייט איז נור פון די יודען, און נאך אזעלכע זאכען; דאס אייגענע הערען די קינדער אין די שולען פון זייערע לעהרער, דאס זעלבע לעזט איעדער ביי א גלעזעל בראנפען אדער ביער אין די צייטונגען און אזוי איז די שנאה צו די יודען געווארען א מצות־עשה וואס איז א חיוב פאר יעדען, בפרט נאך פאר א חרש שוטה וקטן.

עס איז א מערקווירדיגע זאך מיט דער פוילישער שליאכטע! דאכט זיך אין א סך, גאר אין א סך זאכען וואלט זי בעדארפט פיהלען את נפש הגר... נאר אין דער הינזיכט קענען זיי זאגען: מכל מלמדי לא השכלתי, די אלע חמשים ומאתים מכות האבען זיי ניט אויס געלערנט פיהלען דעם שוואכענס וועהטיגען, און דארט וואו זיי זענען די שטארקערע, טרעטען זי מיט די פיס אלע שוואכע, רויבען ביי זיי אלע מענשליכע רעכט, דערשטיקען אלע נאציאנאל־געפיהלען ביי אנדערע, א שטיינער ביי די אונגליקליכע רוטענען, וועלכע זיי בעהאנדלען אין א סך הינזיכטען ניט בעסער ווי די יודען. אומגליקליך זענען די וואס ליידען, וואס דארפען ליגען אונטער די פיס ביי אנדערע. נאר טויזענד מאל אומגליקליכער זענען די וואס אלע צרות, אלע ליידען זענען פאר זיי איבערגעגאנגען אומזיסט, האבען זיי ניט געמאכט ווייכער, מענשליכער צו אנדערע, זיי ניט אויסגעלערנט דעם פסוק: וגר לא תלחץ,

[1]) א ווייס ברייטעל.

ואתם ידעתם את נפש הגר כי גרים הייתם בארץ מצרים *). פֿאַר אַזעלכע אומגליקליכע איז ניט דאָ קיין שום מיטעל, קיין שום האָפֿנונג.

(פֿאָרזעטצונג קומט.) בן־עמי.

---

# שטרעמונגען אין יודענטום.

(פֿאָרטראַג געהאַלטען 25 יאַנואַר אין וויען.)

פֿון

## ד״ר מאַקס נאָרדוי.

אָפֿטמאָל הערען מיר די שאלה: „וואָס וויל דער ציוניזם?“ מיר האָבען דאַרויף נור איין תשובה: „ער וויל פֿאַר די יודען, וואָס זענען צעזייעט און צעשפּרייט אויף דער גאַנצער וועלט, וואָס קענען נישט און ווילען זיך נישט פֿערמישען מיט זייערע שכנים און ווילען ווייטער בלייבען יודען, און ליידען דערפֿאַר ווייל זיי זענען יודען, אָט פֿאַר די יודען, וויל דער ציוניזם גרינדען אַ רעכטליך־געזיכערטע היים אין ארץ־ישראל, וואו זיי זאָלען קענען לעבען פֿאַר זיך און זייער אומה ווי עס בעדאַרף צו זיין“. אויף דער תשובה איז אָפֿטמאָל דאָ ווידער אַ קשיא: „די ראשי־קהל, די רבנים און אַנדערע כלי־קדש ווילען פֿון אייך נישט וויסען; די רייכע גרויסע יודען האַלטען מיט אייך מלחמה און אפילו צווישען די אָרומע זעהען מיר נאָך נישט, אַז עס זאָלען אַ סך מיט אייך האַלטען, אם כן, אַז ס׳איז יאָ אַזוי, וואו זענען דאָס די ציוניסטישע יודען, וואָס איהר אַרבייט אייגענטליך פֿון זייערט וועגען?“

„פֿאַר וועלכע יודען מיר אַרבייטען אייגענטליך?“ דאָס איז אַ האַרבע שאלה, וואָס נישט איינמאָל מוזען מיר זי זיך אַליין פֿרעגען. אַ ענטפֿער האָבען מיר אַבער וואָס טרייסט און בערוהיגט אונז: „מיר אַרבייטען פֿאַר אונז אַליין!“ מיר האָבען אַ אידעאַל וואָס מיר אַרבייטען פֿאַר איהם מיט אַלע כוחות און זענען שטאָלץ אויף איהם. מיר ווילען אַז אונזער פֿאָלק זאָל שוין אַמאָל אויפֿהערען צו ליידען און אָנהייבען פֿאַר זיך אַליין צו זאָרגען. צי וועט אונז דאָס געלינגען — ווער קען וויסען; לעת־עתה פֿיהלען מיר שוין איצט אַז עס הייבט אָן ליכטיג צו ווערען; מיר זעהען ווי דער מאָרגענשטערן פֿון אונזער צוקונפֿט שיינט שוין פֿון הימעל אַראָפּ און מיר הייבען זיך אַליין אָן צו אַכטען און צו שעצען, און ווי מענשען וואָס אַכטען און שעצען זיך אַליין פֿיהלען מיר אין זיך די קראַפֿט און דאָס רעכט, די פֿעראַכטונג פֿון אַנדערע — אויב ס׳איז נאָך דאָ אַזעלכע וואָס מיינען אַז מען קען עמיצען פֿעראַכטען ווייל ער זאָגט אָפֿען און פֿריי אַז ער איז ציוניסט — צו האַלטען פֿאַר אַ פּשוט׳ע נאַרישקייט און צו לאַכען דאַריבער. דער כבוד ביי זיך אַליין, אין אונזערע אייגענע אויגען, דאָס זיטליכע בעפֿרידיגונג שטעלט אונז צו אַזאַ נחת־רוח, וואָס אונזערע געגנער זענען עס גאָר נישט אין שטאַנד צו פֿיהלען, און דאַריבער קלערען זיי אויס אַלע מעגליכע סבות פֿון נידריגע, קנעכטישע געפֿיהלען וואָס זיי אַליין טראָגען זיי אין זיך און זיי מיינען אַז דאָס מאַכט אונז פֿאַר ציוניסטען.

גרויסע לייט פֿון אַנדערע אומות, וואָס וואָלטען אונז געקענט ניצליך זיין, ווייסען גאָר נישט אָדער כמעט גאָר נישט וואָס ביי אונז יודען טהוט זיך. די איינציגע יודען וואָס זיי קענען, זענען די גרויסע, די רייכע וואָס שטופּען זיך צו זיי אַרויף אויבען אָן. דעם יודישען מיליאָנער האַלט דער קריסט פֿאַר דאָס בעסטע און פֿיינסטע פֿונ׳ם יודישען פֿאָלק, והראיה יודען אַליין וועהלען דאָך נור די דאָזיגע רייכע פֿאַר ראשי־קהל; מן הסתמא איז קיין בעסערס נישט דאָ ביי יודען. אַז עס מאַכט זיך אַמאָל, אַ פּאָליטיקער, אַ אַריסטאָקראַט, אַ אָפֿיציער אָדער אַ פּראָפֿעסאָר פֿרעגט אַזאַ יודישען מיליאָנער: „זאָג נור, איך בעט דיך, וואָס איז דאָס אַזוינס ציוניזם?“ ענטפֿערט ער מיט אַרויף־ציהען די אַקסעל אָדער מיט אַ געלעכטער: „עט שטותים, וואָס האָבען אויסגעטראַכט פּוסטע שרייבערליך, וואָס ווילען אַז מען זאָל פֿון זי רעדען.“ עפּיס אַ הדוש וואָס מען מיינט פֿון דרויסען אַז די יודישע מיליאָנערען האָבען רעכט? נישט תמיד קענען מיר זיך אויסטענה׳ן איבער די פֿאַלשע מיינונג וואָס אונזערע גרויסע לייט מאַכען פֿון אונז.

די יודישע מיליאָנערען — עס פֿערשטעהט זיך אַז אַ קליינע צאָהל פֿון זיי מאַכען אַ אויסנאַהמע — האָבען, זאָג איך, קיין שום רעכט נישט צו רעדען אין דעם נאָמען פֿונ׳ם יודישען פֿאָלק, ווייל זיי האָבען מיט איהם קיין שום שייכות נישט. וואָס זיי זאָגען איבער ציוניזם איז זייער אייגענע סברה, די פּערזענליכע מיינונג פֿון זיי אַליין און זייער גלייכען. אַז זיי אַליין זענען נישט קיין ציוניסטען — פֿערשטעהען מיר גוט, דאָס עשירות פֿערשאַפֿט זיי אַלע תענוגים וואָס מען קען פֿאַר געלד בעקומען, און פֿאַר געלד בעקומט מען היינטיגע צייטען אַלסדינג. וואָס טויג זיי דער ציוניזם? אפשר זייער פּרנסה פֿערבעסערען? זיי האָבען ברוך־השם גאַנץ גענוג פּרנסה. ער וועט זיי אפשר געבען אַ היסטאָרישען, זיטליכען אידעאַל? זיי דאַרפֿען אַלסדינג נאָר נישט קיין אידעאַלען; זאָג זיי דאָס וואָרט „אידעאַל“ וועלען זיי מאַכען פֿון דיר חוזק. ער וועט זיי אפשר אָפּהיטען פֿון פֿערפֿאָלגונג און זידלערייען? אַזוינע זאַכען הערען זיי גאָר נישט ווייל זיי ליידען נישט דערפֿון. פֿאַר זיי, פֿאַר די העכערע לייט איז גאָר קיין אַנטיסעמיטיזם נישט דאָ; זיי בעקומען נור אָרדען, אַדעל־טיטולען און אויסצייכנונגען מיט די גרעסטע כבודים. זיי געהערען שוין צו דער אַריסטאָקראַטיע און דער קריסט־ליכער אַריסטאָקראַט האָט פֿאַר זיי דרך־ארץ; אַ יודישער מיליאָנער איז אַ לעבעדיגע ציפֿער אויף צוויי פֿיס און פֿאַר ציפֿערן האָט יעדער רע־אַליסט רעשפּעקט. אין געלדזאַכען הערט אויף, זאָגט מען, די געמיטליכ־קייט, אָבער אויך דער ראַסען־אונטערשייד. (בראַוואָ)

נאָך מעהר! דער קריסטליכער אַריסטאָקראַט, ער מעג זיין ווי אַ גרויסער אַנטיסעמיט, האָט נישט פֿיינד דעם יודישען מיליאָנער און האַלט איהם פֿאַר זיינס גלייכען, היינט דאַרף ער זיין טובה צו אַ שטעלע אין ערגיץ אַ באַנק, מאָרגען וויל ער זיין טאָכטער מיט דעם גרויסען נדן. פֿערשטעהט זיך אַז ווער ס׳האָט שטעלען אין באַנקען צו געבען אָדער אַ טאָכטער מיט אַ מיליאָן נדן איז אַ בעסערער מענש ווי דער אָרומער הויזירער מיט׳ן פּאַק אויף די פּלייצעס. וואָרום ווען נישט, וואָלט דאָך געווען אַ בושה אין זיין אַריסטאָקראַטיש פּנים און אַ וועהטיג אין זיין אַנטי־סעמיטיש הערץ צו האָבען אַ יוד פֿאַר אַ פֿריינד אָדער גאָר פֿאַר אַ שוועהר (בראַוואָ). טאַקי נור אַ רעמישער קיסר האָט גיקענט זאָגען אויף יודיש געלד: „non olet“, עס האָט נישט קיין ריח, חאָטש עס קומט פֿון אַ יודען. אַ פּשוטער אַדעליגער נעמט יודיש געלד ווי ס׳איז. דער גרויסער אַריסטאָקראַט וואָס וויל יודיש געלד, מיינט ער מוז דאָס יודישע געלד רייניגען און פֿיהרען דעם בעל־הבית פֿון דעם געלד אין באָד און אָפּ־וואַשען פֿונ׳ם פֿלעק וואָס זיין פֿאָלק האָט.

דאַריבער, מיין איך, מעג מען דעם יודישען מיליאָנער וואָס לייקענט אַז ס׳איז גאָר נישט דאָ קיין אַנטיסעמיטיזם, גלויבען אַז ער מיינט עס ערענסט; ער איז דערפֿון איבערצייגט, וואָרום ער פֿיהלט איהם נישט. ווען אַנדערע יודען פֿיהלען יאָ ערגיץ אַנטיסעמיטיזם, דאַרויף איז דאָ איין עצה: ווערען מיליאָנערען און באַראָנען וועלען זיי אויפֿהערען צו פֿיהלען (בראַוואָ).

די עצה איז נישט שלעכט, קען גאָר זיין אפשר בעסער ווי דער ציוניזם. נאָר נישט יעדער קען דאָס מיטעל אַנווענדען, און אָפֿטמאָל העלפֿט דאָס אויך גאָר נישט.

אין מערב פֿון איירופּאַ האָט דאָס יודענטהום אָנגעהויבען ביסלעכ־וויז אָפּשטאַרבען, חאָטש פֿון מזרח איז יעדעס מאָל צו געקומען פֿריש יודען, דאַנענען האָבען די גרויסע שוין געהאַט אַ מיטעל: נישט אַריינ־לאָזען. דאָס האָבען זיי געקענט גאַנץ לייכט ביי די רעגירונגען דורכ־זעצען און האָבען געקענט האָפֿען אַז מען וועט ביי זיי באַלד קיין יוד נישט מעהר זעהן און זיי וועלען באַלד דאָס יודישע אומגליק פּטור ווערען. אַי וואָס אַנטיסעמיטען לאָזען נישט צו, זיך פֿערמישען מיט יודען — די יודישע גרויסע לייט זענען גאָר מבטל דעם אַנטיסעמיטיזם און אָט באַלד וועט ער גאָר פֿערשווינדען. אָט דעם קלוגען פּלאַן זייערען האָט דער ציוניזם צערשטערט. פֿאַר אויסלענדישע יודען קען מען די טויערען פֿערשליסען אָבער נישט פֿאַר געדאַנקען. וואו דער

*) אַ פֿרעמדען זאָלט איהר ניט־דריקען: איהר ווייסט דאָך דעם גר׳ס נשמה, וואָרום איהר זענט געוועזען פֿרעמדע אין לאַנד מצרים.

ציוניסטישער רעיון קומט, דאָרט וויל דאָס יודענטום נישט מעהר אויסשטאַרבען, דאָרט הייבט עס אָן יונג און שטאַרק צו ווערען אפילו אָהן דעם צופלוס פון אויסלענדישע יודען. און מען זעהט אַז ס׳ איז דאָ און מען דערקענט די יודישע מיליאָנערען אויך אַז זיי זענען יודען, מען הערט זיי אויף צו גלויבען, אַז זיי זענען אַריער ניט סעמיטען אַזוי גוט ווי די אַנדערע, און ס׳ הייבט אָן צו ווערען אַביסל פריקרע...

אין דעם ליגט דאָס גרויסע פערברעכען פונ׳ם ציוניזם. די יודישע מיליאָנערען האָבען אונטערגעזעגט דאָס ברעט, אויף וועלכען זיי זענען געשטאַנען מיט זייערע יודישע ברידער, קאָם קאָם עס האַלט זיך נאָך אויף א האָר, פלוצלינג קומט דער ציוניזם און שרייט אויף א הויך קול:

„ס׳ איז דאָ איין יודענטהום! מיר זענען אַ בעזונדערע ראַסע! אמת ס׳ איז פערהאַן שלעכטע יודען, אָבער זיי זענען אויך נאָך יודען. דאָס איז אמת אונזער שמערץ, אָבער מיר קענען עס נישט ענדערען.“ נישט ווילענדיג שטעהען מיר ציוניסטען אונזערע מיליאָנערען אין וועג, זיי זאָלען נישט קענען אונטערגעהען אין דעם גרויסען שטראָם וואָס זיי האָבען געמיינט ער וועט באַלד פערפלייצען זייער ביסעל יודישקייט. דער ציוניזם אָבער לאָזט עס נישט צו; ער לאָזט נישט פעריאָהרט ווערען דאָס אַלטע רעכט אויף דער ירושה פון אברהם אבינו וואָס ער האָט איבערגעלאָזט זיינע קינדס קינדער אויף עביגע דורות. ווי אַזוי זאָל דאָס דעם יודישען מיליאָנער, וואָס האָט די מציאה שוין לאַנג געוואָלט אַוועקוואַרפען, נישט פערדריסען?

איך זעה אָבער נאָך איין סבה, פאַר וואָס אַזוי פיעל רייכע יודען זענען געגנער פון ציוניזם. ווי שטאָלץ און איינגעבילדעט זיי זענען אויף זייער עשירות, האָבען זיי דאָך נאָך בירושה אַביסעל פחד. זיי קענען נישט פיעל יודישע היסטאָריע, נאָר זיי האָבען געהערט עפיס קלינגען פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, שפאַניען, אַז דאָרט זענען אויך א מאָל געווען יודישע מיליאָנערען וואָס האָבען אויך געוואָהנט אין שענע פאַלאַצען אַזוי גוט ווי זיי און דער נאָך האָט מען פון זיי געשניטען שטיקער און זיי זענען נאָך גליקליך געווען אַז זיי האָבען געקענט ענטלויפען ווי אָרומע בעטלער אַהין וואו זייערע אייניקליך זעהט מען אַצונד, אין די שמוציגע געסליך פון רומעניען און פוילען. טרויריגע געדאַנקען קומען זיי אין קאָפ און זיי קלערען ביי זיך: „וואָס וועט זיין אַז אפילו אַזאַ מאַרמאָר־פאַלאַץ מיט שטאָלענע שלעסער וועט מיין עשירות נישט אָפהיטען, אַז איין איידעם א גראַף און אַ אָפיציר דערצו וועט אויך נישט קענען מיך מציל זיין?“ דער געדאַנקען איז פינסטער און ביטער. נאָר זיי קלערען עס נור ביי זיך, זאָגען עס אָבער נישט ארויס. אַזוי ווי די מאָרגענלענדישע מלכים בעצאָהלען זיי מיט פולע הענד זייערע שטערנזעהער אַז זיי זאָלען גוט פותר־חלום זיין. דאָס בייזע האַרץ לאָזען זיי אויס צו די ציוניסטען, וועלכע זאָגען דייטליך אַרויס אַלסדינג וואָס זיי האָבען מורא עס אויף די ליפען צו ברייגנען, וועלכע ווייזען זיי אויף די וואַנד פון זייערע פראַכטפאָלע סאַלאָנס די פייעריגע ווערטער „מנא, מנא תקל ופרסין“.

אָ דאָס איז דער סוד, פאַר וואָס די רייכע יודען זענען געגנען דעם ציוניזם. דעם אַנטיסעמיטיזם פון היינט פיהלען זיי נישט, פאַר דעם וואָס די צוקונפט קען ברייגנען פערשליעסען זיי די אויגען אָדער זיי האָפען, אַז ביז דאַמאַלס וועלען זיי שוין קיין יודען נישט זיין. זיי געהערען זיך נישט אָן מיט דעם יודישען פאָלק און זענען אין כעס אויף די ציוניסטען וואָס ווילען אַז אַלע קינדער פון אברהם זאָלען זיך ווידער פעראייניגען. זיי מיינען אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט פון זיך אַליין אויפהערען אַזוי באַלד דער לעצטער יוד אין מערב וועט זיך שמד׳ן און קיין נייע יודען פון מזרח וועט נישט צוקומען. זיי זאָגען אַז מיר רייצען אויף די אַנטיסעמיטען ווייל מיר זאָגען: „אַזוי באַלד ס׳איז נור ערגיץ וואו דאָ יודען אָהן רעכט און שוטץ, איז נישט נור דאָרט נאָר איבעראַל דאָ אַנטיסעמיטיזם און אַזוי לאַנג דער אַנטיסעמיטיזם לעבט, העלפט נישט ווענינגסטענס פאַר די ערשטע דורות, אפילו דער שמד“.

און אפילו די דאָזיגע רייכע יודען וואָס עס לאָזט זיך נישט אויף זיי זאָגען, אַז זיי ווילען ענטלויפען פון יודענטום, וואָס אין זייער האַרץ ברענט נאָך באמת איין יודישער פונק — פאַר וואָס זענען זיי געגנער פון דעם ציוניזם? דער תירוץ איז גאָר פשוט, מענשליך; מיר קענען עס פערשטעהען און העכסטענס דעריבער לאַכען. דער ציוניזם פערלאַנגט אַרבייטען, אַנשטרענגען זיך, און פאַר וואָס זאָלען זיי זיך אַנשטרענגען? דאָס איז פאַר זיי גאַנץ איבעריג. דער ציוניזם לאָזט זיי נישט דענקען ווייטער אַזוי ווי ביז אַצונד, און דאָס לאָזט זיך אַ רייכער מאַן וואָס וויל זיך רוהיג און צופרידען לעבען נישט געפעלען. מיר האָבען צו זיי אַ טענה, אַז אונזערע ברידער אין מזרח ליידען שטאַרק, יאָ, פאַר וואָס זאָלען זיי דען נישט ליידען ווי זיי האָבען תמיד געליטען אַבי זייערע ברידער אין מערב זאָלען רוה האָבען און נישט געשטערט ווערען פון דעם ציוניזם? די אָרומע רייכע פיהלען גאָר נישט וואָס פאַר אַ אייגענשאַפט פון כאַראַקטער עס ליגט אין זייער בענעהמען. זיי ליידען פון דער ירושה־קראַנקהייט וואָס אונזער פאָלק האָט זיך אין גלות ערוואָרבען, פון שנאָרעריי. זיי די גרויסע מיליאָנערען, פערלאַנגען אַז דאָס אָרומע פאָלק וואָס ליידעט הונגער אין מזרח זאָל זיי אַ נדבה שענקען, די אייגענע רוה. זיי, די גבירים אדירים, בעטלען ביי דעם אביון שבאֶביונים: „שענק מיר מיין רוה, איך זאָל קענען הנאה האָבען פון מיינע רענטען, ווי באַלד דו וועסט אויפגעבען דיין האָפנונג!“ דער אָרומער יוד האָט, ווי מיר וויסען, אַ גוט האַרץ, נור אָבער דאָס מאָל מוז ער דעם קבצן מיט דער צדקה־פושקע לאָזען אַוועקגעהען, נישט אַריינוואַרפען די נדבה וואָס זיינע מיליאָנערען פערלאַנגען פון איהם: זיין גאולה.

אויך די פראָטעסטראַבינער זענען אונזערע געגנער. זאָל איך אויך רעדען אַ פאָר ווערטער וועגען זיי?

מהיכא תיתא! איך וויל מיך אויך מיט זיי אַביסעל בעשעפטיגען. דאָס, וואָס זיי, די קהל־שמשים, זאָגען, האָט פונקט דעמזעלבען ווערטה ווי דאָס וואָס זיי זאָגען נישט. זייער בעדייטונג פאַר׳ן יודענטום איז נישט מעהר ווי אַ נול. (בראַוואָ) לעהרער און פיהרער פון דעם פאָלק האָבען זיי שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין.

דער אויפגעקלערטער יוד מאַכט פון זיי חוזק, דעם אמת פרומען יוד זענען זיי ווי אַ שפין אין די אויגען. צי גלויבען זיי אַליין אין עטוואָס אויסער אָן דעם געהאַלט, וואָס זיי בעקומען, ווייס איך נישט. איך בין דאָס גאָר נישט אויסען, ווייל ס׳ איז נישט מיין זאַך. נאָר אַז זיי האָבען נישט פערשטאַנען אין זייערע קהלות דעם גלויבען צו דערהאַלטען, דאָס בעווייזט איין קוק אין די ליידיגע טעמפלען, וואו מען מוז דינגען מענשען אויף מנין יעדען טאָג. (בראַוואָ) אין דעם יודישען המון־עם האָבען זיי נישט געקענט דערהאַלטען די קענטעניס פון דער העברעאישער שפראַך, יודישער געשיכטע, יודישע זיטען און מנהגים, אַזוי אַז ער שטעהט גאַנץ ווייט פון יודענטום. די רייכע יודען, וואָס געבען זיי דאָס אַמט און געהאַלט, ווייזען עס אַרויס וויפיעל דאָס יודענטום האָט אַ ווערטה וואָס די פראָטעסטראַבינער פערטרעטען עס, און שמד׳ען זיך אַליין אָדער זייערע קינדער. אַצונד ווילען זיי זיך צוחנפ׳נען ביי די רייכע און שרייען אין דעם נאָמען פון יודישער רעליגיאָן קעגען דעם ציוניזם. גרעסערע מומחים ווי איך האָבען שוין פערטיידיגט די יודישע רעליגיאָן פון די דאָזיגע היטער און בעשיצער. איך אַלס יודישער פריידענקער קען נור בעהויפטען: די שנאה געגען די עהרליכסטע און טיפסטע פאָלקסבעוועגונג האָט ביז איצט געפעהלט אין דעם כאַראַקטערבילד פון די פראָטעסטראַבינער. איצט איז דאָס בילד גאַנץ און פאָלקאָם. דערפאַר דאַרפען מיר זיי זיין דאַנקבאַר.

אויך דאָס טאָרען מיר נישט לייקענען, אַז יודישע אַרבייטער ווילען אויך נישט דעם ציוניזם. אַ טהייל פון זיי לויפען מיט גרויס התלהבות, צו׳ם סאָציאַליזם. נור ז י י מוזען מיר אויפקלערען, כדי זיי זאָלען אונז גוט פערשטעהען וואָס מיר ווילען. זיי זאָגען אַז דורך דעם סוציאַליזם וועלען זיך אַלע מענשען אָהן אַ אונטערשיעד פערברידערען. דערווייל אָבער, הערט פון דעסטוועגען דער קריסטליכער סוציאַליסט נישט אויף, קריסט צו זיין; פאַר וואָס זשע זאָלען זיך די יודישע שעמען מיט זייער יודישען פאָלק, אין דער צייט ווען אַלע אַנדערע זאָגען שטאָלץ אַז זיי זענען פראַנצויזען, דייטשען, ענגלענדער, אמעריקאַנער.

דער יודישער פּראָלעטאַריער (בעזיצלאָזער אַרבייטער) האָט דאָפּעלט צו ליידען ווי דער קריסטליכער. דער קריסט גיבט איהם קיין אַרבייט נישט און דער יוד וויל אויך נישט אויפֿנעהמען איינעם פֿון די אחינו־בני־ישראל וואָס אַרבייט נישט שבת און האָט אַ ביסעל שכל אין קאָפּ. זאָלען זיי דאָ זייער מאַטעריעלעם אונטערעסע פֿערטרעטען און זיך פֿעראייניגען ווי ס'איז זיי ערלויבט פֿון די לאַנדעסגעזעצע. דער ציוניזם וועט זיי דערביי נישט שטערען. אפילו דעם אידעאַל פֿון צוקונפֿט וואָס זיי זיכען אין דעם סוציאַליזם קענען זיי אויך אין ציוניזם געפֿונען, ווייל דאָס וואָס דער סוציאַליזם זעהט עס אין חלום פֿאַר העט שפּעטערע צייטען, דאָס האָט דאָס יודענטום אין זיין היסטאָריע. בכבוד האַלטען יעדען איינציגען מענשען אָהן אונטערשיעד פֿון זיין שטאַנד און פּראָפֿעסיאָן, גליך אָפּשעצען דעם ווערט פֿון אַרבייט, אנערקענען דאָס רעכט פֿון יעדען איינציגען מענשען — דאָס אַלעס זענען אַלטע יודישע אידעאַלען וואָס דער ציוניזם וויל זיי אויפֿ'ס ניי בעלעבען. ווער שעצט העכער דעם ווערטה פֿון אַ מענשען ווי דאָס יודענטום וואָס, האָט צום ערשטען געפֿיהלט אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק זענען גלייכע קינדער ביי גאָט, אַז אַלע זענען איין עם־קדושים? ווער האָט בעסער פֿערשטאַנען דעם בעגריף פֿון גלייכהייט ווי דאָס יודישע פֿאָלק, וואָס האָט געהאַט שמיטה און יובל, וואָס האָט דעם וועלכער האָט דוקא חשק געהאַט צו בלייבען אַ קנעכט דורכגעבויערט דאָס אויער? ווער האָט מעהר ליעב שווערע עהרליכע אַרבייט ווי דאָס יודישע פֿאָלק, וואָס זיינע גרעסטע חכמים און תנאים זענען געווען בעלי־מלאכה, זיך דורך אַרבייט פֿערדינט אויף ברויט און געלערנט תורה לשמה?

די רעפֿאָרמאַציאָן איז אַ מאָל געקומען האָבען יודען געמיינט זיי זענען שוין געהאָלפֿען, דערנאָך די פֿראַנצעזישע רעוואָלוציאָן, דערנאָך דאָס יאָהר 1848. איבעראַל האָבען זיי מיטגעהאָלפֿען און האָבען אַ שרעקליכען טעות געהאַט. און ווען די סוציאַליסטישע ישועה קומט וועלען זיי איבערראַשט זיין אויך דעמאָלט צו געפֿונען זייער אַלטען בעקאַנטען, דעם אַנטיסעמיטיזם. עס וועט זיי גאָר נישט העלפֿען וואָס מאַרקס און לאַסאַל זענען געווען יודען. די לעהרער פֿון סוציאַליזם מאַכען אפשר קיין אונטערשיעד נישט, אָבער די פּראַקטישע פֿיהרער וועלען אודאי שפּעטער צו'ם שכל קומען, אַז אַלע מענשען זענען טאַקי גלייך, נור נישט קיין יודען. (בראַוואָ).

## יודען אין ארץ־ישראל.

### I.

די לאַגע פֿון די יודישע קאָלאָניעס און קאָלאָניסטען אין ארץ־ישראל אינטערעסירט געוויס יעדען יודען, וואָס האָט נור אַ שטיקעל יודיש האַרץ, און דעריבער איז גאָר איבריג אַלע הקדמות אויף אויסצווייזען ווי וויכטיג דער ענין איז וויכטיג. ווער וויל נישט וויסען וואָס מאַכען זיינע ברידער וואָס בעאַרבייטען די ל י ע ב ע היילינע ערד? נאָר כדי אונזערע לעזער זאָלען האָבען אַ קלאָרען פֿאָרשטעלונג פֿון דער גאַנצער לאַגע, רעכען איך פֿאַר נייטיג, איידער איך וועל נעהמען בעשרייבען דאָס לעבען און די קאָלאָניעס, געבען אַ קורצען איבערבליק איבער דעם מצב פֿון יודען אין טירקיי בכלל און ארץ־ישראל בפרט.

אין דער צייט, וואָס פֿיעל פֿון אונזערע מצוות און מנהגים קומען אויס ביי'ם איירופּייער אין די אויגען פֿרעמד, און ווי ער איז טאָלעראַנט אין יעדער זאַך, קוקט ער אויף זיי צייטענווייס קרום, און דער פֿרומער יוד אפילו, מאַכט זיך אויך, אַז ער שעמט זיך מיט זיי פֿאַר פֿ ר ע מ ד ע אין די אויגען, — געפֿינט נישט דער מהמדאַנער ביי יודען איין מצוה, איין צערעמאָניע וואָס ער זאָל זיך איבער דעם לוסטיג מאַכען, אָדער עס זאָל איהם אויסקומען עפּיס ווילד. ווען אַ זוהן ווערט געבוירען, זעלבסטפֿערשטענדליך אַז מע מוז איהם מכניס בבריתו של אברהם־אבינו זיין, ווען — צו 8 טאָג אָדער 8 יאָהר, דאָס איז שוין אַ נעבען־פֿראַגע, אָבער זעלבסטפֿערשטענדליך אַז אַ „ישראל" אָדער אַ „יהוד" קען מכניס בבריתו של אברהם אבינו זיין אפילו אַ מחמדאַנער, מען האַלט דאָס נאָך אַ מאָל פֿאַר אַ שטיק סגולה אויך.*). דעסטגלייכען פֿלייש דאַרף מען עסען פֿון אַ שוחט, און דער שוחט מעג זיין אַ מחמדאַנער אָדער אַ יוד, דער עיקר איז ער זאָל זיין אַ בן־אברהם זעלבסטפֿערשטענדליך אַז אַ קוך דאַרף זיין אַ כשר'ע. דערפֿון קומט אַרויס: אַז אין טירקיי איז אונזער רעליגיע ניט נור געדולדעט, נאָר זי ווערט גערעכענט ווי איינע פֿון די ה ו י פּ ט־ ר ע ל י ג י אָ נ ע ן פֿון לאַנד, ווי אַ רעליגיאָן וואָס איז גאַנץ אויף איהר פּלאַץ. דעריבער איז דער „חכם־באַשי" (רב־הכולל) אין סטאַמבול גערעכענט ווי צום ביישפּיעל דער אַרמענישער פּאַטריאַרך, דאָס הייסט ער ווערט בעטראַכט ווי אַ פֿאָרשטעהער פֿון אַ פֿ אָ ל ק און אַ ר ע ל י ג י אָ ן וואָס האָט פֿאָלקאָמענע בירגער־רעכט. איך בעטהאָנע דאָס וואָרט פֿ אָ ל ק, ווייל אין טירקיי ווערט ניט געפֿאָדערט ווי אין אַנדערע לענדער אַז די יודען זאָלען זיך רעכענען „טירקים בני דת־משה", חס ושלום! „בני ישראל" אָדער יהודים ווערען גערעכענט, ווי „בני ישראל", דאָס הייסט אַ פֿאָלק וואָס האָט זיך זיין גלויבען נאָר זיי זענען גוטע טירקישע אונטערטאַנער. עס איז ניטאָ איינער זאָל זיי בעשולדיגען, אַז זיי זענען הלילה שלעכטע אונטערטאַנער, זייער אָרענטליכקייט און זייער טריהייט איז זעהר גוט בעוויסט דער רעגירונג. און זי ווייס עס ג ו ט צו שעצען, און ניט נור דער הכם־באַשי ווערט אויפֿגענומען אויף די סולטאַנישע „סאַלום־עליכם" (סולטאַנישע ווזיטען) און ניט נור וואָס מע בעגעהט זיך מיט איהם ווי מיט אַ אמת'ען פֿאָרשטעהער פֿונם פֿאָלק, נאָ פֿיעל יודען פֿערנעהמען זעהר הויכע רעגיערונגס־פּאָסטען, אין אַ גאַנצע רייע פֿון יודישע פּאַשאַס (גענעראַלען) קען מען צעהלען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אין אַנדערע ערטער. — אין סאַלאָניק (דאָס איז זעהר אַ גרויסע פּאָרטאָווע שטאָדט, וואו עס געפֿונען זיך ביז 40,000 יודען), איז דאָס ר ו ב די טאַמאָזשנע שבת פֿערמאַכט, ווייל דאָס רוב בעאַמטע דאָרט זענען יודען, און דער טירקישער יודישער בעאַמטע שעצט זעהר זיין רעליגיאָן און ווייס ווי הויך צו האַלטען דעם דגל פֿון זיין אמונה. — אין יעדער וואַליאַט (גענעראַל־גובנאַטערסטוואָ) געפֿינט זיך אַ הכם־באַשי, אונטער וועלכען עס שטעהען די חכמים אין די קלענערע שטעדט, ער ווידער איז אָבהענגיג פֿון הכם־באַשי אין סטאַמבול.

דער הכם־באַשי איז אַזוי ווי אין רוסלאַנד אַ דוכאָוונער און קאַזיאָנער רב צוזאַמען. עס איז דאָ צווישען די הכם־באַשעס אמת'ע גדולים און גאונים, איינער פֿון זיי איז דער ירושלים'ער הכם־באַשי, וועלכער איז זעהר געשעצט ביי דער רעגירונג. ביי זיין טהיר שטעהט אַ „קאָוואַס" (אַזוי ווי ביי די קאָנסלען), וועלכער טראָגט אַ שפּאַניע מיט אַ אָניפֿאָרם און אַ לאַנגען זילבערנעם שטעקען.

לויט געזעטץ איז ניטאָ איין זאַך (אויסער זעלנער) וואָס דער יוד, וועלכער איז אַ א מ ת ' ע ר טירקעשער אונטערטאַנער, זאָל עס ניט טאָרען. און אפילו זיין אַ זעלנער איז יודען ניט פֿערבאָטען אויס ה אַ ס, נאָר עס איז דאָ אין קאָראַן איין אַלטער חוק, אַז אַ „הויאַר" אָדער „כופר" (אפיקורס) טאָר נישט געהן אין קריג צוזאַמען מיט די מושלמים (מהמדאַנער). אַ יוד ווערט אמת ניט אָנגערופֿען „הויאַר" אָדער „כופר", ווארום ווען ער וואָלט זיין גערעכענט פֿאַר אַזעלכען וואָלט מען נישט טאָרען עסען ביי איהם, אָדער עסען פֿון זיין שהיטה, און ווי באַלד מע עסט איז אַ סימן אַז ער איז נ י ט קיין „הויאַר" און נ י ט קיין „כופר", נאָר ווי באַלד אַז קריסטען טאָרען נישט דינען אין דער אַרמיע, וויל מען שוין פֿאַר יודען קיין אויסשלוס ניט מאַכען, אָבער ניט אין דער סטראָיעוויא־אַרמיע דינען זעהר פֿ י ע ל יודען און פֿערנעהמען גרויסע פּאָסטען. — מיט איינעם וואָרט: די יודען אין טירקיי האָבען אַלע רעכטע, און עס איז שוין 400 יאָהר זינד זיי זענען פֿון שפּאַניען אין טירקיי געקומען (לויט פֿורמאַן פֿון באַיאַזאַד דעם II טען) האָט נאָך ניט איין וואָלקען פֿערפֿינסטערט דעם קלאָרען הימעל פֿון אונזערע דאָרטיגע ברידער, און אַז ג ע ו ו י ס ע יודענפֿיינד ווילען מאַכען עפּיס אַ צרה אויף יודען און טראַכטען אויס אַ מין „עלילת־דם", שטעהט שטענדיג די רעגירונג צו פֿערהיטען די יודען.

*) אַז ביי אַ טירק אָדער אַראַבער שטאַרבען די קינדער האַלט ער פֿאַר אַ סגולה אַז דער מוהל זאָל זיין אַ יוד.

אמת, אונזערע ברידער זענען דארטען ניט זעהר רייך, ניט זעהר געבילדעט, נור דאס איז ניט ווייל די רעגירונג דריקט זיי, ניין! נאר ווייל גאנץ טירקיי שטעהט נאך ניט ווינציג הינטער. די טירקען זענען געוויס קלוג און איידיל, נאר זיי זענען דאך זעהר שלעכטע עקאנמיסטען, דאס הייסט: זיי פערשטעהען ניט צו פיהרען זייערווירטשאפט, און חאטש דאס לאנד פאר זיך איז זעהר א רייכע, א פרוכטבארע און האט אין זיך פיעל מינעראלען און מעטאלען, איז דאך די קאזנא זעהר ארום. — די קליינע בעאמטע בעקומען זעהר א קליינעם געהאלט, און ניט אין דער צייט, דעריבער זענען פיעל פון זיי געצוואונגען צו נעהמען באקשיש (מתנות). די איינגקייט אין דער קאזנא לאזט אויך ניט גוט ענטוויקלען די שולען. איצט איז אפילו דא פיעל פאלקס־שולען, גימנאזיעס, און זאגאר אוניווערזיטעטען, אבער די אלע פיהלען מאנגעל, און דאס האלט אפ די ענטוויקלונג, און דעריבער זענען די יודען אויך ניט שטארק געבילדעט. פון דעסטוועגען קען מען ניט זאגען אז זיי זענען אונוויסענד, און אין די שטעדטישע שולען, גימנאזיעס, אוניווערזיטעטען, זענען דא פיעל יודען, און מע נעהמט זיי אן אהן א שום בעשרענקונג, און אז זיי ענדיגען זייער סטודיום איז פאר זיי אלע טויערען אפען, און קענען זיך פערדינען דעם גרעסטען טשין. — קורץ: די יודען אין טירקיי לויט דעם אלגעמיינעם צושטאנד פונ׳ם לאנד — לעבען גאנץ זיכער און רוהיג.

דאס נעמליכע איז אין ארץ־ישראל: די ספרדים (שפאניאלען) אויך די אשכנזים די א מ ת ׳ ע  ט י ר ק י ש ע אונטערטאנער האבען אלע רעכטע. אין דמשק (די הויפטשטאדט פון סוריער וואליאט) געפונען זיך איינינע גרויסע בעאמטע יודען, ווי צום ביישפיעל ה׳ עד״ש דער סעקרעטער פון דמשק׳ער וואלי (גענעראל־גובערנאטאר), אדער אגד אנאם לעווי, דער רעגירונגס הויפטאגראנאם אין סוריען און ארץ־ישראל. די אמת׳ע טירקישע אונטערטאנער מעגען קויפען לאנד, בעשעפטיגען זיך מיט ערד, פאבריקען און זא ווייטער, און קיינמאל איז נאך ניט פארגעקומען מען זאל יודישע רעכטע פערקורצען אדער בעשרענקען.

עס איז אמת, אז איצט לאזט מען קיין יודען און סוריא און פאלעסטינא ניט אריין, אבער דאס איז אלץ  פ ר ע מ ד ע, אבער טירקישע אונטערטאנער מעגען אריין. די פרעמדע יודען לאזט מען ניט אריין, ניט ווייל זיי זענען  י ו ד ע ן  נאר ווייל זיי זענען  פ ר ע מ ד ע. די גזרה איז ארויס נאך אין 82 יאהר ווייל די טירקיי האט זיך דאמאלס זעהר דערשראקען פאר איין מאסען־איינוואנדערונג פון  פ ר ע מ ד ע  א ו נ ט ע ר ט א נ ע ר. איך בין זיכער אז ווען ניט קיין יודען נאר אנדערע פרעמדע אונטערטאנער וועלען אריינקומען אין פאלעסטינא אדער אין סוריא אין גרויסע מאסען אויף בעזעטצען זיך דארט אלס ערדארבייטער, וועט דאס געוויס די רעגירונג נישט צולאזען. יעדער יוד וואס זיין קאנסול ערלויבט איהם ווערען א טירקישער אונטערטאנער, ווערט גלייך אויפגענומען און ער האט דאמאלס אלע רעכט—אויסער איינינע פריי־וועלעגען, וועלכע עס קען נור האבען א טירקעשער אונטערטאנער דריטען דור.

---

אין ארץ ישראל געפונען זיך איצט בערך 60,000 יודען, די גרעסטע טהייל געפינט זיך אין די שטעדט, צום ביישפיעל: אין ירושלים צעהלט מען בערך 30,000 נפשות, און נאך א ערך 18,000 איז אין די איבריגע שטעדט. איבערהויפט געפונען זיי זיך אין צפת, חברון, טבריא, חיפה, און ערך 12,000 נפשות געפונען זיך אין די קאלאניעס און אין יפו (יפו ווערט גערעכענט צום נייען ישוב). צווישען די שטעדטישע איינוואהנער געפונען זיך: קויפלייטע, נאר דאס רוב פון די שטאדט־לייט זענען בעלי־מלאכות, פיעל זענען טאגליינער, לאסט־טרעגער, און דעסטגלייכען. אין ירושלים קען מען יעדער פריה־מארגען זעהן ווי צעהנדליגער יודען געהען ארויס צו דער ארבייט, נאך די קאסטיומען זעהט מען אז זיי זענען פון פערשידענע לענדער, עס געפינט זיך צווישען זיי: תימנים, מאראקאנער, קאווקאזער, פוילישע, עסטרייכישע; די אלע געהן שווער ארבייטען ביי געביידעס פאר 30 אדער 35 קאפיקעס א טאג. אין צפת איז דא הינדערטער יודען וואס זענען ברייט צו טהון כל עבודת פרך נור צו פערדינען א שטיקעל טרוקענם ברויט. עס איז דא צווישען זיי מוקערען דאס הייסט אייזעל־טרייבער וואס פיהרען אויף אייזלען משא פון צפת קיין יפו אין קיין ירושלים, ווען איהר וועט זיי בעגעגנען אין וועג וועט איהר מיינען אז זיי זענען אראבער, נור שבת קענט איהר זיי זעהן מיט שטראמליך אין שול און מיט א גמרא אדער איין אנדער ספר אין די הענד. – מיט איינעם ווארט: פיעל פון די שטעדטישע איינוואהנער ארבייטען, פראדוצירען, נאר עס איז דא אויך א רעכטער טהייל וואס האלט נור ביים לערנען. און דער אמת, אין היינטיגע צייטען ווען פיעל בתי־מדרשים, אפילו אין אזא מקום־תורה ווי ליטא, זענען כמעט ליידיג, היינגט דער קיום־התורה פיעל אב פון ארץ־ישראל׳דיגע יודען.

פערשטעהט זיך, די יוגענד דארף בעקומען א גוטע ערציהונג, דארף קענען אלע נייטיגע ידיעות וואס א מענטש דארף וויסען אויף דער וועלט. דאפיר ווערט איצט זעהר פיעל געזארגט אין ארץ־ישראל, און אין די שטעדט און די קאלאניעס איז דא בתי־ספר, נאר איבער זיי וועל איך רעדען אין א בעזונדער ארטיקעל.

די מאטריאלע לאגע איז אין די שטעדט ניט גוט, ווייל דער מסחר איז נאך ניט ענטוויקעלט, קיין פאבריקען — אויסער איינינע קליינע — איז כמעט ניטא, דעריבער האבען די בעלי־מלאכות ווינציג ארבייט און געפונען זיך זעהר אין א שלעכטער לאגע. יעדער פון זיי וואלט געוויס געוואלט ווערען א קאלאניסט, האבען א אייגענע שטיקעלע נחלה, וואו ער זאל קענען ביי זיך אליין ארבייטען. דאס נעמליכע ווילען איצט הונדערטע פון די ירושלים׳ער און צפת׳ער יונגע לייט, וואס זענען אפילו ניט קיין בעלי־מלאכות. ביי זעהר פיעל פון זיי איז היינט א קאלאניסט צו ווערען דער ה ע כ ס ט ע ר  א י ד ע א ל. פונ׳ם אלטען התנגדות צו׳ם נייען ישוב איז שוין כמעט קיין זכר נישטא, כמעט אלע וויסען און פערשטעהען שוין ווי ווייט ס׳איז גוט און נוטציג פאר׳ן כלל און פאר׳ן פרט בעארבייטען מיט אייגענע הענד די ערד אין ארץ־ישראל.

ברזילי.

---

## מײַן לִיעד.

אִיךְ בִּין אַ חָזָן אָהן אַ עָמוּד
כִּמְעַט שׁוֹין גַאנְצֶע צְוַאנְצִיג יָאהְר,
דָאךְ קְלִינְגֶען מַיינֶע תְּפִלּוֹת תָּמִיד
און כ׳ הָאבּ דֶערְצוּ אַ שֶׁעהְנֶעם כָאר.

אַ גְרוֹיסֶען כָאר פוּן אַלֶע סָארְטֶען
פוּן אַלֶע שְׁטִימֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט:
מִילְיָאנֶען פֵייגֶעלִיךְ אִין גָארְטֶען,
מִילְיָאנֶען קְוֶויטְשֶׁעלִיךְ אִין פֶעלְד.

דֶער וַויינְשְׁטָאק אִיז מִיט מִיר מִתְפַּלֵל
אוֹיף טַל־וּמָטָר אִין דֶער צַייט,
דִי וֶועלְדֶער זָאגֶען מִיט מִיר הַלֵל;
עֶס קְלִינְגְט און זִינְגְט פוּן יֶעדֶער זַייט.

דֶער שְׁטוּרֶם הֶעלְפְט מִיר בְּלָאזֶען תְּקִיעוֹת –
עֶר הָאט אַ שׁוֹפָר גָאר אַ פְּרַאכְט –
און הֶערֶען מַמָשׁ אִיז אַ חִיוּת
זַיין בְּלָאזֶען אִין אַיין אָסְיֶען־נָאכְט;

מִיר זִינְגְט דִי זוּן מְכַלְכֵּל־חַיִים,
הוֹשַׁעְנוֹת שְׁלָאגְט דֶער ווִינְד בַּיי׳ם טַייךְ...
און מִיט אַ נִיגוּן גָאר אַ נַייעֶם
וויל אִיךְ דִי לִיעדֶער זִינְגֶען אַייךְ.

מַיין הֶערְץ אִיז אָבֶער ווִי אִין רִינְגֶען
גֶעפַאסְט, און ווַיינֶען צִיהְט עֶס מִיךְ;
מִיט וָואס אִיךְ הוֹיבּ נִיט אָן צוּ זִינְגֶען
מִיט „מִן־הַמֵצַר" עֶנְדִיג אִיךְ...

ש. פ־ן.

# אַ בריעף צו דעם רעדאַקטער.

ליעבער חבר!

וואָס פאַר אַ נוטצען עס קען ברענגען דעם פאָלק אַ בלאַט אין זשאַרגאָנישער שפּראַך? נאָך מיין מיינונג — זעהר אַ גרויסען.

ס'איז אַ מאָל געוועזען אַ צייט, נאָך אין יענע קינדערשע יאָהרען, ווען איך האָב מיך נאָך געפיהלט אַזוי גליקליך און נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ סכנה, ווי שווער און ווי ביטער דאָס איז, אַ יוד צו זיין. דאַמאָלס, אין יענע גליקליכע קינדערשע יאָהרען, איך בין עס פאַר אייך מודה ומתודה, האָב איך די זשאַרגאָנישע שפּראַך פיינד געהאַט ווי אַ שפּין. זי האָט מיר אויסגעזעהן עפּיס ווילד און משונה, איך האָב זי פּשוט נישט פערשטאַנען. און היינט! היינט לעז איך מיט גרויס תענוג פערשידענע זשאַרגאָנישע זאַכען וואָס קימען מיר צו דער האַנד. מיר דאַכט זיך, אַז די דאָזיגע שריפטען זענען אַ אמת'ר און לעבענדיגער אויסדרוק פון אַלעס וואָס אונזער פאָלק פיהלט און דענקט, דער תַּמְצִית פון דעם העכסטען און דעם טיפסטען אין דער יודישער פאָלקסזעעלע; און שוין אַ סך מאָל האָב איך מיך געפּריווט איבערזעטצען שירים פונ'ם זשאַרגאָן אויף ריין־דייטש, כדי אַנדערע זאָלען אויך געוואָהר ווערען, וואָס פאַר אַ שיינעם גראָסאַרטיגען אינהאַלט זיי האָבען, חאָטש פון אויסענווייניג האָבען זיי אַ משונה צורה, וואָס מע רופט זי אַן זשאַרגאָן.

דער גרעסטער רוב פון אונזערע ברידער רעדט און פערשטעהט זשאַרגאָן, און טאַקי נור זשאַרגאָן. און אַז מיר ווילען צו זיי רעדען, אַזוי אַז זיי זאָלען אונז אין גאַנצען פערשטעהן, מוזען מיר צו זיי רעדען אין זשאַרגאָן. אַ דאַ קומט איהר און גיבט זיי אַ זשאַרגאָניש בלאַט! אין מיינע אויגען איז דאָס די גרעסטע טהאַט פון בילדונג און קולטור. אונזערע ברידער האָבען נאָך אַ סך, זעהר אַ סך צו ערפאַהרען און צו לערנען און אפשר טאַקי נאָך אַ סך צו פערגעסען, ווי באַלד זיי ווילען נור האָבען אַ קיום צווישען די אומות־העולם און זייער נאָמען און כבוד דערהאַלטען. דער זשאַרגאָנישער שרייבער וועט זיי דאָס זאָגען און צו פערשטעהן געבען אויף זייער אייגען לשון און וועט אָפטמאָל מיט איין איינציגען זאַטץ אָדער איין איינציג וואָרט זיך אפשר בעסער פערשטענדליך מאַכען און אויפ'ן פאָלק טויזענד מאָל מעהר ווירקען, וויפיל אַנדערע פון די גרעסטע און טיכטיגסטע שריפטשטעלער מיט זייערע בעסטע אַרטיקעל אין אַנדערע שפּראַכען, וואָס דער המון־עם פערשטעהט זיי ווייניג אָדער גאָר נישט. אַלעס וואָס געהט פאָר היינטיגע צייט אין דער גרויסער וועלט און וואָס דער מענשליכער גייסט בעשעפטיגט זיך דערמיט, דאָס אַלסדינג קען מען דעם יודישען פאָלק אַם בעסטען מודיע זיין אין דער זשאַרגאָנישער שפּראַך.

און נאָך אַ זאַך. איך וויל עס צו פערשטעהן געבען דורך אַ משל. קליינע קינדער, וואָס גלויבען נאָך אַלסדינג, דערצעהלט מען פערשידענע וואונדערליכע מעשיות. און אַז מיר ווערען גרויס, מיר מעגען זיין ווי קלוג, דערמאַנען מיר זיך, מיט אַ אַנגענעהם געפיהל פון לאַכען אין די שיינע קינדערשע מעשיות און טאַקי ערשט דאַמאָלס פערשטעהען מיר אָפטמאָל דעם טיפען געדאַנק, וואָס איז פערבאָרגען אין אַ זעלכער שיינער מעשה, וואָס האָט אַ מאָל אונזער קינדעריש האַרץ דערפרייט. איך דערמאַן מיך פונקט אַצונד אָן אַ מעשה פון אַ וואונדער שיינעם בן־מלך אָדער אַ בת־מלך, וואָס איז דורך אַ פיינדליכער מאַכט, ווי אַ שטייגער כשוף־מאַכערס וכדומה, איבער געקערט געוואָרען אויף אַ אָרום און מבוזה בעשעפעניש און איז פערשאָלטען געוואָרען, אַז ער זאָל אויס דעם איבערגעקערעניש נור קענען אויסגעלייזט ווערען דורך געטרייער ליעבע, וואָס איז שטאַרקער אפילו פונ'ם טויט, און צוריק ווערען אַזוי ווי פריהר אַ רייכער שיינער פּרינץ אָדער פּרינצעסען, אָדער נאָך רייכער און שענער ווי פריהר. מיט אַ זאַ מין קללה, דאַכט זיך מיר, איז אויך מיין פאָלק פערשאָלטען געוואָרען. מען האָט איהם כשוף געטהון; ער איז געוואָרען אַ מין מאוס'ע בריה, אָרום און מבוזה ווי דער ערגסטער בעטלער, ער רעדט עפּיס אַ מין לשון, וואָס אַנדערע עקעלט דערפון; אין דעם לשון לאַכט ער און וויינט ער, דיכטעט ער און דריקט זיך אויס איבער אַלסדינג, וואָס זיין האַרץ פיהלט און זיין מוח קלערט. נור אָבער אַצונד אַז דיא געטרייע ליעבע קומט הייבט דאָס העסליכע לשון זיינס אָן ווערען אַ ביסעל שענער, קלינגט אַ ביסעל זיסער און ווערט וואָס אַ מאָל מעהר פערשטענדליכער, ביז עס וועט אַ מאָל דער טאָג קומען, וואָס דער מאוסער מלבוש וועט אַראָפּפאַלען פונ'ם קערפּער און דאָס משונה'דיגע פון דעם לשון, און דער שיינער בן־מלך וועט זיין שענער ווי ער איז אַ מאָהל געוועזען און זיין לשון וועט קלינגען זיסער ווי פריהר.

דאָס איז עס, איך מיין דעם תענוג פון דעם שענעם און דעם געפיהל פון געטליכען וואָס אַלעס שענע האָט אין זיך, דאָס קען און זאָל אַ בלאַט אין דער פאָלקסשפּראַכע פאַר אונזער פאָלק ברענגען. און אויב אייער בלאַט וועט ערפילען דיא ביידע אויפגאַבען, פון קולטורע (בילדונג) און עסטעטיקע (דאָס שעהנע), וועט עס זיכער האָבען אַ עקסיסטענץ־בערעכטיגונג, און וועט האָבען אַ חלק אין דער גרויסער בעוועגונג וואָס וויל אונזער פאָלק קולטורעל און עסטעטיש דערהעבען, כדי עס זאָל סיי פהיזיש סיי גייסטיג בעפרייט ווערען, איך מיין דערמיט דעם — ציוניזמוס!

אייער פריינד

**ד"ר ש. ווערנער**

רעדאַקטער דער „וועלט".

וויען 27 יענער 1899.

## נייע ביכער.

**יודישע קינדער** אַ בילד פונ'ם יודישען לעבען פון אלי אביון. צוויי העפטען. פערלאַג עזרא. ברדיטשוב תרנ"ט.

זעהר אַ נוטצליך פעלד האָט זיך אויסגעקליבען דער פערלאַג "עזרא" צו בעאַרבייטען. שוין לאַנג האָט יעדער אמת'ער פאָלקספריינד געפיהלט ווי ווייט עס פעהלען אויף פּראָסט יודיש רעכטע ספרים צו'ם לעזען און ווי ווייט ס'איז נייטיג אַ בעזונדער פערלאַג אויף אַרויסצוגעבען נוטצליכע ביכער פאַר'ן פאָלק. די העברעאישע לעזער האָבען די לעצטע יאָהרען צוויי פערלאַגען „אחיאסף" און „תושיה", וואָס דריקען פאַר זיי ביכער פון אַלע מינים, און דער פּראָסטער עולם, וואָס לעזט נור זשאַרגאָן, האָט ביז דער לעצטער צייט גאָר נישט געהאַט. אמת, עס האָבען זיך פאַר איהם געזאָרגט נישט ווינציג „שרייבער", ראָמאַניסטען, וואָס האָבען איהם מזכה געווען מיט אַ סך „העכסטאינטערעסאַנטע ראָמאַנען". אין די לעצטע יאָהרען האָבען זיי גאָר פערפלייצט די וועלט מיט אַמעריקאַנישער סחורה, אַלץ מיט שרעקליך קלינגענדיגע נעמען ווי „די איינגעמויערטע פרוי", „די גיפט־מישעריין", „וועלט־באַנדיטען", „צווישען מענשען־פרעסער", און נאָך און נאָך אָהן אַ שיעור, יעדעס אין ווייס־איך־וויפיעל העפטען. דאַכט זיך, אַ גאַנצע ליטעראַטור. נור אַז אָך און וועה צו אַזאַ מין ליטעראַטור!

דאַרום דאַרף יעדער פאָלקספריינד זיין דאַנקבאַר דעם פערלאַג „עזרא", וואָס האָט אויף זיך גענומען אויספילען אַ ביסעל דעם ליידיגען פלאַטץ און דריקען פון צייט צו צייט נוטצליכע ביכליך אויף פּראָסט יודיש פאַר'ן פאָלק.

צו „עזרא"'ס אויסגאַבען געהערען אויך די צוויי העפטען „יודישע קינדער", וואָס ליעגען איצט פאַר אונז.

דער מחבר פון די „יודישע קינדער" דערצעהלט פון זיך גאָר פון די יונגע יאָהרען ווען ער איז נאָך געווען אַ חדר־יונגעל. פריהער דערצעהלט ער צופיעל באריכות, ווי דער פאָטער האָט איהם געפיהרט אין חדר שוין צו'ם גמרא־מלמד, דערביי מאָהלט ער אָפּ דעם חדר, דעם מלמד, דאָס לערנען די גמרא „ארבעה אבות נזיקין", דאָס שמייסען אַ תלמיד, די קללות פון דער רביצין א. ד. ג. דאָס אַלעס איז אין אַ געוויסע טהייל אַ ביסעל איבערגעטריבען, איבערגעהאַפּט די מאָס (למשל, דאָס טראַכטען פונ'ם קינד אַז דער פאָטער פיהרט איהם נישט אין חדר נור גאָר צו קוילען ווי אַ מאָל אברהם יצחק'ן), און אַ טהייל גאַניץ ריכטיג געמאָהלט. נור בכלל האָט מען שוין איבער גענוג געגעבען אונזערע לעזער אויף דעם אַרט בילדער פונ'ם. חדר מיט'ן לערנען גמרא, מיט'ן שמייסען, מיט דער רביצינ'ס קללות א. ז. וו., אַז אַ זעלכע בילדער, זיי מעגען זיין טאַקי גוט פאַר זיך, האָבען שוין אַ פּנים ווי אָפּגעדראָשען, עפּיס ווי אָפּגעשלאָגענע הושענות.

אלענפֿאַלס איז דער מחבר נישט דאָס אויסען, ס'האָט זיך איהם גלאַט געוואָלט געבען אַ אומזיסטיגע הוספה, אָהן וועלכער דאָס ביכעל וואָלט זיך זעהר שעהן געקענט בעגעהן. דער עיקר בילד שטעלט פֿאָר תשעה־באָב. ס'איז ערב ת"ב פֿאַר נאַכט. אין שטוב איז טונקעל. דער עלטערער ברודער געהט אַ וועק אין שול זאָגען קינות, מע פֿערמאַכט פֿעסט אַלע לאַדען, אַלע טיהרען; און די מאַמע מיט דער שוועסטער זעצען זיך אויף דער ערד און וויינען. און אויף אונזער גמרא־יונגעל, וואָס איז אויך געבליבען אין דער היים, פֿאַלט אָן אַ פּחד טאָמער רעכט מען זיך דאָ אויף שדים, פֿאַר וועלכע ער ציטערט נעביך שטאַרק. דערווייל דערזעהט ער אַ פּאָר שרעקליכע אויגען פֿון אַ קאַט־ן און צעוויינט זיך שטאַרק פֿון גרויס שרעק, ביז דער ברודער קומט פֿון שול און נעהמט דערצעהלען איהם מיט דער מאַמען און דער שוועסטער די טרויעריגע מעשה פֿון חורבן בית־המקדש מיט פֿיעל פְּרָטִים און אַלע וויינען אויף אַ קול. בעזונדערס מאַכט די מעשה אַ שרעקליכען רושם אויף אונזער קליינעם העלד, אַזוי אַז ער זעהט ביי נאַכט אין חלום אַלע העלדען פֿון דער מלחמה. אויף מאָרגען פֿון דער קלויז רופֿט ער צו זיך אַ היים זיינע דריי חברים און בייט דעם ברודער ער זאָל פֿאַר זיי נאָך אַ מאָל איבערערצעהלען די גאַנצע מעשה פֿון נעכטען, דער ברודער לאָזט זיך לאַנג ניט בעטען און דערצעהלט און אַלע וויינען ווייטער אויף אַ קול. די מעשה ווירקט אַזוי אויף דער חברה, אַז זיי נעהמען זיך אָן שטאַרק האַרץ, זיך שטעלען אויף ווייטער מיט גבורה אַ קעגען דעם שייגעץ גרישקע, וואָס ווען זיי געהען פֿון חדר אַהיים פֿאַלט ער שטענדיג אויף זיי אָן און טהוט זיי צו'ם טויט. און ווירקליך אויף מאָרגען נעהען די פֿיער חברים צוזאַמען אין חדר געוואָפֿענט מיט שטעקענס, און דערזעהענדיג גרישקע'ן דוקא נישט אַליין נאָר מיט נאָך צוויי חברים זיינע, הייבען זיי זיך גאָר נישט אָן צו דערשרעקען און פֿאַלען אָן גאַנ'ץ געשמאַק אויף די דריי יונגען און ברעכען זיי די ביינער ווי אמת'ע העלדען. פּלוצלינג דערזעהען זיי דעם רבי'ן (טאַקי איינער פֿון זיי איז אין דער מהומה אַנטלאָפֿען און גע'געבען צו וויסען די זאַך דעם רבי'ן), דאָ מוזען זיי שוין אַנטלויפֿען אין חדר, און גרישקע מיט זיינע חברים נאָך זיי גלייך אין חדר אַריין, דאָרט איז זיי דער רבי רעכט מְקַיֵם פְּסַק, כדי צופֿריעדען שטעלען גרישקע'ן און זיי האַלטען זיך שטאַרק ווי די גבורים און לאָזען נישט קיין טרעהר.

ווי איהר זעהט קען מען אויף דער מעשה פֿרעגען נישט ווינציג קשיות. אויסער דער מורא געקוילעט צו ווערען פֿונ'ם טאַטען, וואָס מיר האָבען שוין אויבען דערמאָהנט, איז דאָ נאָך זאַכען און שמועסען גאָר נישט נאַטירליכע. נישט נאַטירליך איז, למשל, אַז גמרא־יונגליך זאָלען גאָר נישט אָנהייבען צו וויסען אַז תשעה־באָב פֿאַסט מען דערפֿאַר וואָס דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרען; ס'איז אויך אונמעגליך אַז די מעשה פֿונ'ם חורבן זאָל האָבען אַזאַ ווירקונג אויף דער קליינער חברה זיי זאָלען זיך שטעלען אויפ'ן צווייטען טאָג מיט אַזאַ גבורה אַקעגען גרישקע'ן און זיינע צוויי חברים, און דעסגלייכען נאָך אַ זעלכע זאַכען. בכלל מוז מען מודה זיין אַז די קינדערשע פּסיכולוגיע ביי „יודישע קינדער" איז אין איינינע ערטער נישט שטאַרק אויסגעהאַלטען, היינט די מעשה אַליין פֿונ'ם חורבן בית־המקדש, וואָס דער עלטערער ברודער דערצעהלט, איז נישט אין אַלע ערטער פֿערשטענדליך פֿאַר קינדער און אפילו פֿאַר אַנדערע גרויסע פֿונ'ם פֿאָלק. אויסער דעם זאָגט ער אויף יוסף בן מתתיהו שוין צו גרויסע שבחים („זעהר אַ שלעכטער און פֿאַלשער מענש", פֿערפֿלוכטער יוסף", אַ בייזע גיפֿטיגע שלאַנג"), און אין איינינע פּרטים איז גלאַט אַזוי אַ ביסעל נישט ריכטיג *).

נאָר די אַלע קליינע חסרונות קענען נישט צונעהמען די מעלות, וואָס דאָס ביכעל „יודישע קינדער" האָט באמת. איינינע סצענען מאַכען גאָר אַ גוטען רושם. אלענפֿאַלס קענען אַ זעלכע ביכער ברענגען נור נוטצען דעם יודישען לעזער.

---

*) יוחנן פֿון גיש-חלב, צו ב"ש, איז פֿריהער „אַנ'אָרומער קראַנקער נור יונגער מאַן (ז. 29) און אין אַ פּאָר יאָהר אַרום רופֿט ער איהם שוין „דער אַלטער קרענקליכער יוחנן פֿון גיש-חלב" (ז. 34).

# די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — אין לעמבערג האָט זיך די לעצטע 2 וואָכען שטאַרק גערודערט. מען האָט פּלוצלינג אַנגעהויבען זיך צו סודען אַז די שפּאַרקאַסע איז עפּיס נישט ווי עס בעדאַרף צו זיין, און טויזענדער מענשען האָבען יעדען טאָג בעלאַגערט די קאַסע און צוריקפֿערלאַנגט דאָס געלד וואָס זיי האָבען דאָרט איינגעלעגט. נאָר ווי „ויהי" איז אַ צרה; אַזוי האָבען אויך איצט די פּוילישע צייטונגען געהאַט אַ געלעגענהייט אָנפֿאַלען אויף יודען: „די שפּאַרקאַסע איז נעביך גאָר נישט שולדיג נאָר די יודען האָבען אויסגעטראַכט אַ שקר־בלבול, די רבנים מיט די יודישע באַנקיערס האָבען אויפֿגערייצט אַלע יודען זיי זאָלען אַרויסנעמען זייער געלד פֿון דער פּוילישער לאַנדעסקאַסע און זאָלען זיך גרינדען פֿאַר זיך אַ יודישע באַנק." אפילו איין פּויליש בלאַט, וואָס געהער צו דעם אַבגעאָרדנעטען שצעפּאַנאָווסקי און ווערט תמיד געהאַלטען פֿאַר אַ יודענפֿריינדליך בלאַט האָט אויך געזאָגט, אַז נישט אַנדערש נאָר די פֿרעמדע (יודען) וואָס זויגען אויס דאָס לאַנד ווילען פֿערניכטען די שפּאַרקאַסע און דאַריבער מאַכען זיי אַזאַ ליאַרם פֿאַר גאָר נישט. דערווייל האָט עס זיך אַרויסגעוויזען, אַז די וואָס האָבען זייער געלד צוריקפֿערלאַנגט, זענען פּשוט געווען חכמים, און די קאַסע איז ווירקליך געווען אין גרויס סכנות. טאַקי דערזעלבע פּריץ שצעפּאַנאָווסקי, האָט זיך ביי דער שפּאַרקאַסע אויסגעבאָרגט נישט מעהר ווי כמעט 6 מיליאָנען גולדען.

— און די אַנטיסעמיטישע בלעטער אין גאַליציען פֿעהלט נישט פֿיעל צו די וויענער צייטונגען וואָס געהערען זיך אָהן מיט דעם וויענער בירגערמייסטער. פֿאַר אַ פּאָר טעג איז אַ קריסט געפֿאַלען, ער האָט זיך אויסגעגליטשט אויף די געפֿרוירענע שטיינער און האָט געבראָכען אַ פֿוס. וואָס, קלעהרט איהר, שרייבט אַ לעמבערגער צייטונג איבער דעם פֿאַל? „איינער האָט זיך פֿערקוקט אויף אַ יודישע אַ פֿישע אויף אַ מויער און איז געפֿאַלען און אַ פֿוס געבראָכען. די קאַלאָשען וואָס ער האָט געטראָגען זענען געווען געקויפֿט אין אַ יודישען מאַגאַזין. עפּיס אַ חדוש וואָס מען פֿאַלט!" אַז מען קנאַקט די פֿינגער דאַרען די שטיוויל...

— דאָס אַקציאָנס־קאָמיטעט פֿון דעם ציאָניסטען־קאָנגרעס איז צוזאַמענגעקומען אין פֿאָריגער וואָך אויף אַ קאָנפֿערענץ, אין וועלכער דער פּרעזידענט האָט בעריכטעט איבער זיין רייזע קיין ארץ־ישראל. די ערקלערונגען וואָס ער האָט געגעבען האָבען בעפֿרידיגט די מיטגלידער, וואָס האָפֿען אַז דער וועג וואָס דאָס אַקציאָנסקאָמיטע געהט וועט פֿיהרען צו אַ גוטען צוועק. אויך האָט די באַנקקאָמיסיע בעריכטעט פֿון איהר אַרבייט. אויסער ה' וואָלפֿזאָהן (קעלן), הײמאַן (לאָנדאָן) לוריע (פּינסק) וואָס זענען פֿון דעם קאָנגרעס געוועהלט, זענען אויך ביי דעם בעריכט געווען די העררען שליט, זאַקס און רויזענבוים. די תקנות זענען אָנגענומען געוואָרען און אַלעס איז אויף אַזאַ אופֿן אויסגעאַרבייט, אַז די וואָס האָבען אַקציעס אַלס גרינדער זאָלען האָבען דאָס רעכט משגיח צו זיין אויף די טהעטיגקייט פֿון דער באַנק. ס'איז דערפֿאַר זעהר וויכטיג אַז מען זאָל צייכענען אַקציעס, ווארום די באַנק איז אַ אמת נאַציאָנאַלע, ווייל זי שטעהט אונטער אויפֿזיכט פֿון דעם קאָנגרעס. עס איזט צייט צו צייכנען ביז ענדע מערץ. ד"ר כּהן האָט בעריכטעט איבער די קולטורקאָמיסיאָן; עס האָט זיך געוויזען אַז ביז איצט האָט די קאָמיסיאָן גאָר נישט געטהון, די קאָמיסיאָן מוז ערשט האָבען אַ פֿעסטע פּראָגראַמע כדי זי זאָל קענען אַרבייטען. דערווייל האָט מען בעשלאָסען צו פֿערברייטען העברעאישע שפּראַכע, יודישע געשיכטע און ליטעראַטור.

— דער קאָנגרעס וועט דאָס יאָהר זיין ווידער אין באַזעל, אַבער שוין דען 15 אויגוסט, ווייל עס געפֿאַלען פֿריהער די יודישע ימים־טובים.

*

**רוסלאַנד.** סענאַט'ס ערקלערונגען. 1) אַז אַ יוד בעדאַרף וועגען זיין געשעפֿט זיצען אין אַ דאָרף אַדער אין וואַלד, וכדומה אויסער'ן שטאָדט, מעג ער דאָרט פֿערבלייבען ווי לאַנג זיין געשעפֿט ברויכט, אפילו חדשים־לאַנג. איהם איז ניט ערלויבט, זיך בעזעצען וואָהנען דאָרט, אַבער קוים דערקענט מען אַז ער פֿערברענגט דאָרט נור אויף אַ בעשטימטע צייט, בעדאַרף מען איהם ניט אַרויסשיקען.

2) יודישע קופּצעס (סוחרים), וואָס האָבען דאָס רעכט צו וואָהנען אומעדום, מעגען קויפֿען ערד און גיטער וואו זיי ווילען. דאָס געזעץ פֿון 3 מאַי 1882, וועלכעס פֿערבאָט יודען צו קויפֿען ערד און אומבעוועגליכע גיטער אויסער'ן שטאָדט, איז נור געזאָגט אויף דער „טשערטאַ", אַבער די וואָס זיי איז ערלויבט צו וואָהנען אויסער דער טשערטאַ, אין גאַנץ רוסלאַנד, מעגען דאָרט אומעדום קויפֿען גיטער, אפילו אויסער'ן שטאָדט.

3) אַ יוד וואָס וואָהנט אין אַ דאָרף צו וועלכען עס קעהרען עטליכע פֿאָלוואַרקעס, מעג זיך אַריבערציהען פֿון איינעם אינ'ם צווייטען, אפילו ווען זיי זענען אָפּגעטרעטען עטליכע ווערסט איינס פֿון אַנדערען, דאָס געזעץ פֿערבאָט זיך בעזעצען אין אַ נייעם דאָרף, אַבער ניט אין די אומגעגענדען וואָס קעהרען ריכטיג צו דעמזעלבען דאָרף.

4) די אלמנות און די יודישע פּראָוויזאָרען מעגען וואָהנען אין גאַנץ רוסלאַנד.

— אין מאָסקווא אין „אָקרוזני־סוד" איז פֿאָרגעקומען אַ פּראָצעס פֿון אַ יודען וואָס האָט באַנקראָטירט. דער יוד האָט זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז ער האָט געמוזט באַנקראָטירען דורך דעם וואָס אין יאָהר 1891 זענען יודען אַרויס פֿון

מאסקווא, דער פרעזעס פון סוד האט דאדורך געוואלט, אז דער פראצעס זאל זיין ביי פערמאכטע טהירען. דער ארוואקאט איז אבער געווען דערווידער און האט אנגעגעבען אין סענאט, און דער סענאט האט געפסקט, אז דער פראצעס זאל זיין ביי אפענע טהירען, ווייל נאר אזוי קענען אלע זיין זיכער אז דער פסק איז א ריכטיגער.

— דורך די נייע געזעץ וועגען פאראטקעס פון מסחר איז ניט געווארען קיין פערענדערונג אין די פראוועס פון יודישע סוחרים ערשטער גילדיע. אנשטאט א גילדיע קויפען זיי א צייגניס, אז זיי קעהרען צו דער חברה סוחרים (קופעטשעסקאיע-סאסלאוויע) און די צייגנים גיט זיי די זעלבע רעכט ווי די פריהעריגע גילדיע.

— די צווייטע גרעסטע יודישע געמיינדע נאך ווארשא רעכענט זיך אדעססא, אין וועלכער, לויט דער לעצטער סטאטיסטיק, געפינען זיך 116,788 יודען, דארונטער 63.482 מענער, 53,306 ווייבער. אין די חדרים פון אדעססא לערנען ביז דריי טויזענד יונגליך. פאר דער סאניטארנער קאמיסיע האט א דאקטאר פארגעלעגט א שילדערונג פון די דאזיגע חדרים. דאס בילד איז זעהר פינסטער. די חדרים זענען אין א שלעכטען צושטאנד, פול חסרונות: ניטא אין זיי קיין גענוג לופט און קיין גענוג ליכט. זיי זענען אומריין, ברודיג, די ווענט געפארבט מיט משונה פארבען וואס מאכען נאך פינסטערער אין צימער, די פאדלאגעס צעפאהרען און שווארץ, ניט געוואשען. די קינדער זיצען פערשפארט כמעט א גאנצען טאג און זעהען-אויס זעהר שלעכט, טויט, בלאס, אויסגעמאגערט. די מלמדים זענען גרויסע אביונים און זענען ניט אין שטאנד, צו איינארדנען די חדרים ווי עס דארף צו זיין.— דערווייל האט די „קאמיסיע" ארויסגעגעבען א בעפעהל, פיהרען די קינדער אלע טאג שפאצירען אביסעל אויף דער פרישער לופט.

— דער אדעסער פאפעטשיטעל פון די שולעס, האט געשיקט א צירקולאר צום דירעקטאר פון די פאלקסשולען און צום ראבינער, זיי זאלען איהם צושטעלען קלארע ידיעות וויפיעל חדרים עס געפינען זיך אין אדעסא, אויף וועלכער שטופע פון בילדונג שטעהען די מלמדים וואס האלטען די חדרים אדער לערנען דארט; אויך זאלען זיי זאגען זייער מיינונג וועלכע מאראלישע ווירקונג האבען די מלמדים אויף זייערע תלמידים, און איבערהויפט — אין וועלכען צושטאנד געפינען זיך די חדרים.— די אלע ידיעות זענען נעטהיג, כדי צו פערגרעסערען די השגחה אויף די חדרים.

— די חברה „מפיצי-השכלה" זוכט מיטלען, צו פארגרעסערן איהרע הכנסות, כדי זי זאל קענען מעהר נוצען ברענגען אונזערע ברידער. אין דער לעצטער אספה פון קאמיטעט איז געבליבען, טהון כל ההתפעלות, אז די חברה זאל שטייגען: זי וועט צושיקען בריף אין די שטעדט, אז פרישע מענשען זאלען צו איהר צושטיין אלס מיטגלידער; זי וועט מאנען חובות פון געוועזענע סטודענטען, וועלכע די חברה האט געשטיצט בשעת זיי האבען געלערנט אין אוניווערזיטעט און איצט זענען זיי אים שטאנד אפגעבען צוריק דאס געלט.— אויסערדעם וועט א בעזונדער קאמיסיע מאכען א סטאטיסטיק וועגען די קינדער-ערציהונג און פארלעגען דאס פאר די רייכע, כדי זיי זאלען שטיצען די חברה, וואס טהוט זעהר פיעל פאר דער ערציהונג. אין יאהר 1899 וויל די חברה צו-טהיילען ניין טויזענד רובעל, אויף שטיצען די שולעס מיט די שילער.

— ווי ס'איז בעוואוסט האט די בעראנעסע הירש געשענקט 35,000 רובעל (ניט 200,000) צו בויען בילליגע וואהנונגען פאר ארומע לייט אין ווילנא. דער פלאן וועט אין גיכען אויסגעפיהרט ווערען. די וואהנונגען וועט מען בויען אויף א פלאץ וואס קעהר צו ה' בונימאוויטש און סמאלענסקי. ווייל אבער דער פלאץ איז ניט זייערער אין גאנצען און זיי מוזען צאהלען צינש, האבען זיי זיך געווענדעט צו דער דומע מיט א בקשה, מען זאל זיי ערלויבען אויסקויפען די ערד אויף שטענדיג. די דומע האט מסכים געווען.

— דער פטרבורגער צענטראל-קאמיטעט פון דער חברה „יקא" („יודישע קאלאניזאציאן אסאציאציאן" וואס בארא הירש האט געגרינדעט) האט געשיקט איהרען א מענשען אין פערשידענע שטעדט, צו בעטראכטען דעם צושטאנד פון אונזערע ברידער דארט. דער דעלעגאט איז געווען אין דובראוונא, וואו מען מאכט טליתים, און האט צוגעזעהן די ארומקייט און צוגעזאגט אין נאמען פון בארא נעסע הירש צו העלפען. ער איז אויך געווען אין דער יודישער קאלאניע „איטעלז" (באברוסקער אויעזד) וועלכע איז געגרינדעט געווארען פאר 60 יאהר דורך עטליכע פאמיליעס. די קאלאניסטען האבען גרויסע צרות פון דעם פריץ וועלכער וויל זיי אראפטרייבען פון זיין גרונט; זיי פיהרען מיט איהם א פראצעס.— דער דעלעגאט האט פארשריבען ביי זיך אלע קאלאניסטען, וויפיעל הייזער, בהמות, פערד יעדער האט. די ארומע קאלאניסטען האפען אז די חברה וועט זיי שטיצען.

— זעהר שלעכטע ידיעות קומען פון א יודישער פארוואָרפענער קאלאניע, וועלכע הייסט „מאלאחאווקא" און געפינט זיך אין סאמארא'ר גובערניע, טיעף רוסלאנד. דארט האבען עטליכע ניקאליעווסקע סאלדאטען זיך בעזעצט און געוואלט ווערען ערדארבייטער, אבער גיך זענען זיי פאראָרומט געווארען און פון דער גאנצער קאלאניע איז געווארען א תל. עטליכע קאלאניסטען זיצען נאך און מוטשען זיך אין מאלאחאווקא, און עטליכע זענען אריבער אין סאמארא.— ה' מיידאנסקי האט צוזאמענגעקליבען 61 רובעל און די רעדאקציע פון „וואסחאד" — 330 רובעל פאר די ארומע קאלאניסטען.

— דער איגערליכער מיניסטער (וונוטרעננין דיעל) האט געשיקט א צירקולאר צו אלע גובערנאטארען, אז ס'איז כדאי צו איבערמאכען די גרויסע דערפער פאר שטעדטליך.— דאס איז זעהר וויכטיג פאר אונזערע ברידער, פאר וועלכע פיעל דערפער וואלטען זיך דאדורך געעפענט...

— דאס מאגיסטראט פון ווארשא האט בעשטעטיגט דעם „עטאט-צעטעל" פון דער יודישער געמיינדע אויפ'ן יאהר 1899. די צאהל פון די איינוואהנער וואס צאהלען עטאט איז 6972 פערזאן און דאס געלד וואס זיי בעדארפען צאהלען דער קאסע פון דער געמיינדע בעטרעפט 137,053 רובעל. די קלענסטע נתינה איז 2 רובעל, די גרויסע צאהלען ביז 350 רובעל.

— די דריטע גרעסטע יודישע געמיינדע אין רוסלאנד איז די פאבריק-שטאדט לאדז אין איהר געפינען זיך יעצט ביז הונדערט-טויזענד יודען, וועהרענד אין יאהר 1860 איז דארט מעהר ניט געווען ווי 4579 יודען. פיעל יודען זענען אהין אנגעקומען אין יאהר 1892, ארויסגעהענד פון אנדערע רוסישע שטעדט. די מייסטען קליינע פאבריקען קעהרען צו יודען, זיי האבען דארט אויך די מייסטען הייזער. צווישען זיי געפינען זיך גרויסע, בעקאנטע מיליאנערען.— אין דער נייע בערזע אין לאדז זענען געווארען אייסגעקליבען 2 קריסטליכע און איין יודישער געשווארענער מאקלער.

— אין גאנץ וואהלינער גובערניע געפינען זיך, לויט לעצטען חשבון, 360,000 יודען. פון זיי האבען פאריגעס יאהר געלערנט אין פערשיעדענע שולען 17124 קינדער (אין גימנאזיעס און פראגימנאזיעס 159 קינדער, אין רעאל-שולע 19, אין פאלקס-שולען 1397, אין יודישע קאזיאנע שולען 817, אין פריוואטנע שולען 567, אין תלמוד-תורה'ס 516 און אין חדרים — 13,649 קינדער).

— דען 10 יאנואר איז אין פעטערסבורג געעפענט געווארען א אויס-שטעלונג פון די ארבייט פון אלע רעמעסלענע שולעס, וועלכע שטעהען אונטער שיץ פון גרוים-פירשטין עליזאוועטא מאווריקאוונא. די חברה „מפיצי השכלה", האט דארט ארויסגעשטעלט די ארבייט פון די, וואס לערנען מלאכה ביי דער שולע פון דער חברה: סטאלערייא זאכען, שלאסעריי, שניצעריי, אויך די ארבייט פון די מיידלעך וואס נעהען וועש מיט קליידער. די גרויספירשטין האט גוט בעטראכט די אבטהיילונג, געפרעגט די צאל פון די שילער, און געלויבט, אז אין א קורצע צייט האט די שולע געמאכט אזא גרויסען פארטשריט.

— אין אדעסא איז בעשטעטיגט געווארען פון גראדאנאטשאלניק א נייע, גוטצליכע חברה, צו העלפען יודישע פריקאשציקעס (משרתים אין געשעפטען) און קליינע סוחרים — מיט קליידער, עסען, שטעלעס, זעהען פארקויפען די ארבייטען פון די יודישע ארומע ארבייטער, געבען רפואות קראנקע א. ד. ג.— די חברה האט בדעה צו עפענען בילליגע גאַרקיכען אין טהע-הייזער, בילליגע וואהנונגען, פריוואטע צו געכטיגען, לעזע-ביבליאטעקען, ביבליאטעקען פאר'ן פאלק, אויך ארויסגעבען ביכלעך, צו לערנען מאראל און גוטע זיטען. פיעל מענשען זענען שוין ציגעשטאנען צו דער חברה; יעדער צאהלט ניט ווייניגער ווי 3 רובל א יאהר, נור די וואס טהוען פיעל לטובת החברה צאהלען 1 רובל, ווייל זייערע מעשים איז בעסער ווי געלט.

— אין פיעל שטעדט האט מען געמאכט הספדים אויף דעם בעקאנטען שרייבער רבי ק ל מ ן ש ו ל מ א ן. די געבילדעטע לייט האבען ערקלערט דעם פאלק די גרויסקייט פון דעם פערשטארבענעם, זיינע מעשים פאר דער יודישער ליטעראטור, זיין זעלטען כאראקטער, זיין הייס יודיש הארץ. ביי דער געלעגנ-הייט האט מען געגעבען נדבות פאר'ן אדעסער קאמיטעט צו שטיצען יודישע קאלאניסטען אין ארץ-ישראל.

— אין קישיניעוו האט איינער פון ריא בעלי-טכסה אנגעקלאגט דעם רב דערפאר וואס ער האט אויף איהם געזאגט א שלעכטע מיינונג אז ער נארט זיין שותף. דער ריכטער האט בעשטראפט דעם רב זיצען 4 טאג פערשפארט אין דער היים.

— אין ביאליסטאק איז געשטארבען א העברעאישער שרייבער ר' אלעזר האלבערשטאם, וועלכער האט געהאט זעהר א גרויסען נאמען אויך מיט זיינע מעשים טובים.

*

**דייטשלאנד.** — אין בערלין איז ארויס פון דרוק א סטאטישטיש יאהרבוך איבער די שטראפען און פערברעכער אין דעם לעצטען יאהר. ס'איז אינטערע-סאנט צו לעזען ווי ווייניג יודישע פערברעכער עס זענען דארינען פערצייכענט. 22,000 מענשען זענען דאס יאהר פעראורטיילט געווארען, דארונטער זענען געווען 807 יודען. און אזוי ווי אין בערלין פאלט אויף 100 איינוואהנער 5 יודען, ד. ה. 5%, אזוי וואלטען בעדארפט צו זיין אויף 22 טויזענד פערברעכער 11 הונדערט יודען. אם מייסטען שטראפען איז געווען פאר יודען וועגען באנקראט און אנזעצען, אנדערע פערברעכען זענען זעהר זעלטען געווען.

= די שטאדט פראנקפורט האט אפגעקויפט די בעריהמטע ביבליאטעק פון דעם בעקאנטען יודישען געלעהרטען ד"ר א ב ר ה ם ב ע ר ל י נ ע ר וואס האלט איבער 6 טויזענד בענדע. די ביבליאטעק איז דאריבער אינטערעסאנט, ווייל זי האט זעהר פיעל זעלטענע אלטע ספרים, אם מייסטען סדורים, מחזורים, הגדות, אוים אלע מעגליכע דרוקען פון מעהרערע הונדערט יאהר.

*

**פראנקרייך.** דער צד כנגד פון דרייפוסעס משפט, וועלכע וויל דורכ-אויס דערשטיקען דעם אמת, האט זיך אויסגעזוכט א נייעם מליץ אויף שלעכטס,

דער געוועזענער מיטגליעד פון קאסאציאן-געריכט קאנע-די-בארעפאר האט זיך מיט כונה ענטזאגט פון דער שטעלע אין געווארען פאר זעהר א שענע געהאלט א רעדאקטאר פון פאריזער צייטונג: „עכא-דע-פאריז". אין דער צייטונג שעמט זיך ניט דער געוועזענער ריכטער צו בעשולדיגען זיינע אמאליגע חברים: לעוו, בארד און מאנה, אז זיי האבען זיך בעגאנגען מיט פיקארען דעם הויפט-עדות פון דרייפוסעס-משפט ניט ווי געהעריג און מיט א פערבארגענער כונה ווילען זיי פאלש דורכזעהען די רעוויזיא פון דרייפוסעס-פראצעס. מע קען זיך לייכט פא״-שטעלען, וואס פאר א שטארקען רושם די ארטיקעלען פון בארעפאר האבען געמאכט אויף די פראנצוזען וועלכע זענען לייכט זיך אנצוצינדען פון דעם קלענסטען פינק. תיכף האבען זיך געפונען פארטייען פאר און כנגד און אין פאריז קאכט ווייטער ווי אין א קעסעל. עס האט אויך ניט געהאלפען אפילו דעם אבערריכטערס, מאזאס, ראפארט, וועלכער האט אויסדריקליך אויפגעוויזען אז די ריכטער לעוו, בארד און מאנה זענען זיך די גאנצע צייט בעגאנגען ווי עהרליכע אונשולדיגע לייט און באריפערס ארטיקעלן זענען איינפאכע ניעדעריגע מסירות אהן שום ווערט.

די פערבלענדעטע פראנצויזען האבען שוין לאנג פערגעסען אין גלייכען שכל און קוקען אויף אלע מיט פערבלענדעטע אויגען. אנשטאט צו מאכען וואס גיכער א סוף פון דעם אומגליקליכען פראצעס, וועלכער ברענגט ניט פאר פראנק-רייך קיין גוטס און קיין כבוד אודאי ניט, אנשטאט אראפצונעהמען איינמאל די פאלשע מאסקע און אויפדעקען דעם פערבארגענעם ריינעם אמת, זוכען זיי מיט אלע מיטלען וואס א מאל מעהר צו פערלענגערען דעם פראצעס און איצט האלט מען שוין דערביי אז מיט דער רעוויזיאן וועט זיך בעשעפטיגען ניט נור איין טהייל פון פאריזער קאסאציאן-סוד, נור אלע דעפארטאמענטען צוזאמען, אונטער דער אויפזיכט פון דעם אבער-פראקראטאר מאזא.

*

**ענגלאנד.** — פון דער נייער קאלאניע אויפ׳ן אינזעל „ציפערן' קומען זעהר פרייליכע בעריכטע. אין די ערשטע וואכען האבען די קאלאניסטען געהאט פיעל שוועריגקייטען. פון ניין ענגלישע מיילען ווייט האט מען געמוזט ברענגען עסען, א שוחט איז נישט געוועזען און נאך א סך זאכען האבען געפעהלט. איצט האבען זיי שוין אלסדינג, הייזער, ברונען, א שוחט איז געקומען פון יפו און זיי קענען שוין פלייש עסען, ווארום ביז איצט האבען זיי געלעבט פון פרוכטען. די הייזער זענען זעהר שעהן און געזונד איינגעריכטעט. צוערשט האבען זיי געפלאנצט ירקות און גערשטען, דאס אלעס איז זעהר געראטען, איצט האבען זיי אויך ווייץ, גערשטען, האבער, אויך בוימוואל וואקסט דארט, וואס ברענגט די קאלאניסטען א שענע הכנסה. יעדער קאלאניסט האט א פאר אקסען און קוהע, אויך פיעל היהנער און גענז. די קאלאניסטען ארבייטען ווינטער פון זייגער 7 אין דער פריה ביז 4 נאכמיטאג און די ארבייט געפעלט זיי זעהר גוט, חאטש זיי זענען ביי זיך אין דער היים געוועזען בעלי-מלאכה, וואס האבען נישט געוואוסט וואס ערד-ארבייט הייסט.

— אין בעלפאסט איז א יוד, מיט׳ן נאמען י פ ה, געוועהלט געווארען פאר א בירגערמייסטער. ער שטאמט ארויס פון א שענער יודישער משפחה וואס האט אויפצווייזען זעהר פיעל בעריהמטע רבנים און געלעהרטע.

— מען טאר זיך אבער נישט טועה זיין און מיינען אז אין ענגלאנד איז גאר קיין אנטיסעמיטיזם נישט דא. די צייטונגען לאזען זיך ווי ס א מאל מעהר הערען אין בעליידיגען און בעשימפפען די יודען. איבערהויפט בעוויזט דאס געזעטץ געגען איינוואנדערונג פון פרעמדע (פרעמדע, פערשטעהט זיך אליין, מיינט מען נור יודען!), וואס וועט בקרוב פערגעלייגט ווערען אויך אין אונטער-הויז, נאכדעם ווי דאס אויבערהויז האט צו דעם נייעם געזעטץ שוין מסכים געווען, ווי שטארק מען האט אין ענגלאנד ליעב יודען.

*

**גריכענלאנד.** — אין דער שטאדט לאריסא ווערט דער המון-עם אנגע-רייצט פון די העכסטע בעאמטען, יודען רשעות צו טהון. 2 אנגעזעהענע יודישע פארשטעהער זענען געפאהרען קיין אטהען דעם קעניג בעטען אז ער זאל זיך אננעהמען פאר די יודען.

*

**ארץ־ישראל.** אונזערע ברידער אין א״י האבען איצט טהייערע געסט. דער בעריהמטער נדיב באראן ראטהשילד מיט זיין פרוי זענען אויף א אייגענע שיף געקומען דען 14 טען שבט אין יפו. כמעט די גאנצע שטאדט יודען האבען זיי מקבל-פנים געוועזען ביי׳ם פארט, אויך די שטאדט בעהערדע האט זיי ערווארטעט ביים האפען מיט גרויס כבוד. באלד דעם זעלבען טאג האט שוין דער באראן בעזוכט די קאלאניע ראשון-לציון, געוועזען אין דעם וויין־קעלער, געזאגט מבינות אויף די ווייגען, בעזוכט די שול אין געהייסען זי פערג־עסערען. איצט פאהרט ער ארום אין די איבריגע קאלאניעס. אין „פתח תקוה" האט ער אויפגעקליבען דעם גאנצען עולם אין שול און האט זיי געזאגט א דרשה. מיר וועלען נאך איבער דער גאנצער רייזע א אויספיהרליכען בעריכט ברענגען.

---

# פעליעטאָן.

## נארישקייטען

### אָדער

### דער קהל׳שער באָק.

א נארישקייט גערעדט זיך, זאגט די וועלט, און גוט טאקי וואס דאס איז א אמת.

נארישקייט איז דער הפך פון חכמה, ווי פינסטער איז דער הפך פון ליכטיג; מיר האבען הנאה, פון דעם ליכטיגען פריה-מארגען, ווייל מיר פער-געסען ניט די אונבעקוועמליכקייט פון דער פינסטערער נאכט, און וואלטען מיר אונזערע קינדישע נארישקייטען ניט גערענקען, וואלט אונז געוויס שווערער זיין א מאל צום שכל צו קומען און קלוגער צו ווערען.

איך ווייס נ׳ט ווי וועמען, מיר קומען זעהר צו ניט׳ן יענע נארישקייטען, וועלכע גערענקען זיך מיר נאך פון מיינע קינדערשע יאהרען. עס טרעפען זיך שאלות אין לעבען אויף וועלכע איך וויל גערן הערען א תשובה, עס מאכען זיך קשיות אין מענשליכע האנדלונגען, וואס פייניגען מיך, אויף זיי א תירוץ צו גע-פינען, עס העלפט קיין שכל ניט צו פערענטווערען א זאך, וואס טהוט זיך געגען שכל. . . ביז גאר ניט געזוכט און ניט גערעכט דערמאהנט זיך איינע פון יענע קינדישע נארישקייטען און פערענטווערט מיר א שווערע קשיא, וואס קיין חכם מיט זיין חכמה וואלט מיר אפשר אזוי ניט פערענטווערט.

דער משפט דרייפוס, למשל, האט אין מיר א סך שאלות און קשיות אויפגעוועקט, וואס האבען מיר, פשוט, קיין רוה ניט געגעבען, און דוקא אזעלכע שאלות און קשיות, וואס האבען, אפשר, גאר איין אנדערען ניט אנגעריהרט... אמת, דאס הארץ האט מיר אויך גענוג וועה געטהון און טהוט נאך וועה איצט אויך, אויף דעם גאנצען טרויעריגען פראצעס, און אויף די ביטערע לאגע פון דעם אונשולדיגען קרבן און זיין אונשולדיגע פאמיליע, נאר אויף דעם וועהטיג האב איך באלד א תירוץ געפונען: איך ווייס, אז איך בין א יוד, דאס הייסט: א גליד פון דעם גוף, וואס חאטש זיינע אבריט זענען אזוי צעזייעט און צעשפרייט אין דער גרויסער ברייטער וועלט, זענען זיי נאך, פונדעסטוועגען, אזוי איינגע-וואקסען און צוגעבונדען איינער צום אנדערען, אז קיים ווערט ערגעץ איינער פון זיי פערוואונדעט פיהלען דעם וועהטיג אלע איבריגע, ווי ווייט צעווארפען און צעריסען זיי מעגען אויך זיין.

דאס אליין איז ביי מיר אלע מאל דער בעסטער סימן געוועזען, אז דער יודישער גוף, ווי ער איז צעשלאגען און צעבראכען, איז ער נאך אליץ פריש און יונג, האט נאך בלוט אין לעבען, און פאראלאזירטע גלידער זענען וועניגער ביי איהם ווי אין יעדען אנדערען גוף, וואס האט שוין אזוי פיעל יאהרען שלעג און פיין איבערגעטראגען.

אונזערע שונאים, רעכען איך, ווייסען עס פיעל בעסער ווי מיר אליין, דעריבער זוכען זיי שטענדיג חאטש איין אבר א שווערען קלאפ צו טהון, ווען זיי ווילען, אז דער גאנצער יודישער גוף זאל דעם וועהטיג פיהלען . . . און דאס, — האב איך מיר פערענטווערט — איז די הויפט-כונה אין דעם גאנצען רעש און געטומעל, וואס מען רופט עס אן: „דרייפוס-פראצעס". א ודאי האט מיך אין אנהייב איבעררראשט אזא קלאפ גאר פלוצלינג צו בעקומען פון פראנקרייך! פון דעם לאנד, וואס האט א ליכט דער וועלט און מענשענרעכטע אויך דעם יודען געגעבען, נאר אז איך האב א בלעטער געטהון אונזער יודישע געשיכטע און געלעזען אין איהר א סך אזעלכע שיינע פראצעסען וואס פראנצויזישע שונאים האבען שוין ניט איין מאל יודען אנגעמאכט, אין פריהערע און שפעטערע צייטען, ווי למשל די געשיכטע פון ר׳ הירצל לעווי אין דעם אייגענעם פראנקרייך אין יאהר 1754, און די עלילת-דם, וואס א פראנצויזישער קאנסול האט אנגעמאכט אין דמשק, אין יאהר 1840 — האב איך מיך בערוהיגט . . .וועניגסטען אויף אזוי פיעל, וויפיעל עס בערוהיגט זיך א קראנקער, ווען איהם ווערט קלאר, אז די נייע צוגעקומענע שמערצען זיינע זענען ניט פון גאר א נייע צוגעווארפענע פרישער קראנקהייט, נ׳ור זיי שטאמען נאך אליץ ארויס פון דעם אלטען פיבער זיינעס, פון וועלכען ער איז נאך קיינמאל אין גאנצען ניש אויסגעהיילט און גענעזען געוועהן.

און באמת, קען נור א קינד, וואס האט דעם טעם פון קרחת צום ערשטען מאל אין זיין לעבען פערזוכט, אזא טעות האבען, צו מיינען, אין דעם צווישען-טאג, פון איין פאראקסיזם צום צווייטען, אז ער איז שוין פון קרחת בעפרייט און אין גאנצען געזונד; דער יוד אבער, פערגעסט ניט, אדער ברויך וועניגסטען ניט פערגעסען, אז די שנאה צו איהם איז א מין קרחת רחמנא-לצלן, זי לאזט אב אויף א ווייל, קומט אבער זיכער ווידער צוריק, און האט זי אין פראנקרייך אויפגעהערט, איז דאס נור דער צווישען טאג געוועהן פון איין פאראקסיזם צום צווייטען... מעגען די דאקטוירים געבען איהר וואס פאר א נייעם נאמען, אין תוך אבער איז זי פארט נישט מעהר ווי דער אלטער שוין לאנג בעקאנטער פיבער, וואס ווי שלעכט און ביטער ער איז אויך, איז ער פארט ניט אזא קרענק, וואס מען שטארבט פון דעם, און חאטש ער טרעסעלט איצט די ציינער ארויס, וועט

ער, ווי אלע מאל, היינטיגס מאל אויך געווים אבלאזען ביז א נייעם צופאל. און דערפאר איז דאס אלץ מיר גאר קיין קשיא ניט, דאס וואס איז געוועהן איז אויך איצט, און וואס עס איז איצט וועט נאך אויך זיין; די קרענק איז דיזעלבע. נאר דער נאמען איז א נייער. א קשיא אבער איז מיר געוועהן, ווי קומען אונזערע פראנצויזישע שונאים, וואס האבען, אויף ארויסווייזען זייער אלטע שנאה, א נייע מאדישע בעשולדיגונג נעמוזט אויסטראכטען, ווי קומען זיי זיך אפען אנצורופען מיטן׳ נאמען „אנטיסעמיטען"?

ניט די שנאה צו יודען איז מיר א חידוש, נאר דער נאמען „אנטיסעמיטען", וואס זיי רופען זיך איצט אזוי אפען, איז מיר ניט פערשטענדליך! דער דאזיגער נאמען, דאכט מיר, האט ווי בעדארפט זיין טרפה און פערהאסט, און א רעכטער פראנצויז האט זיך מיט איהם בעדארפט שעמען ווי ער שעמט זיך מיט ערגעץ א דייטשען פאמיליע-נאמען וואס איהם איז פון דור-דורות בירושה געבליבען. איז דער גאנצער אנטיסעמיטיזם ניט א דייטשעס קינד, אין בערלין געטראגען און געבאהרען געווארען? איז ער אפשר ניט אויף ביסמארקס הענד געצויגען און געוואקסען? ווי-זשע קומט עס, האב איך געפרעגט, אז די פראנצויזען, וואס האבען אלץ וואס קומט ארויס פון דייטשלאנד אזוי פיינד ווי די דייטשען אליין, זאלען אזוי אויפחאפען אט דעם דייטשען נאמען, זיך קריינגען און זיך בערוהמען מיט איהם פונקט, ווי זיי אליין וואלטען איהם אין פאריז צום ערשטען מאל ערפונדען און אלס ניימאדיש ווארט אויף דער גאנצער וועלט צעשיקט?... די פראנצויזען, וואס זייער פאטריאטיזם איז אזוי גרויס, אז צוליעב איהם נור קענען זיי די גרעסטע דייטשע פאעטען און פילאזאפען ניט לעזען ואלען זיך אליין אנרופען אנטיסעמיטען, און דערמיט אליין זיך ערקלערען פאר אמת׳ע תלמידים פון מארר׳ן, טרייטשקען, שטעקער׳ן און על-כלם, ביסמארק׳ן? און נאך מעהר, בעריהמען זיך אין דער זעלבער צייט, אז דוקא זיי זענען ערשט די רעכטע און אמת׳ע פאטריאטען פון זייער לאנד? אונזערע פראנצויזישע שונאים זאלען זיך רופען מיט וואס פאר א נאמען זיי ווילען: בלק, בלעם, אדער המן, וואלט עס אלץ נאטירליכער און פערשטענדליכער געוועהן ווי דער נאמען „אנטיסעמיטען" וואס שטאמט ארויס פון דייטשלאנד, פון דעם לאנד וואס האט זיי אזוי רוקען-און-לענד געבראכען. די קשיא, איהר מעגט אייך זאגען וואס איהר ווילט, האט מיר קיין רוה געגעבען, און איך האב אין דעם גאנצען נאטירליכען דרייפוס פראצעס אין דעם נאמען אנטיסעמיטיזם אליין די איינציגע ניט נאטירליכע ערשיינונג בעוואונדערט און וואלט מיך צו וואונדערען ניט אויפגעהערט, ווען עס דערמאהנט זיך מיר ניט גאר פלוצלונג א נארישקייט פון מיינע קינדישע צייטען אין חדר:

אט שטעהט דעם רבי׳נס ביינקעל אין מיטען חדר, דער רבי האלט א בונט ריטער און שמייסט א יונגעל אהן רחמנות. דאס יונגעל צאפעלט זיך און רייסט זיך, נאר דער רבי האלט איהם איינגעקלאמערט צווישען זיינע ביידע פיס. די רביצען וויל העלפען ארויסרייסען דאס געפייניגט קינד און שרייט צו איהר מאן:

— חיים, דם-שונאים וועלען דיינע תלמידים דיר זיין! דם-שונאים זייער גאנצען לעבען, און זיי וועלען גערעכט זיין. ווי איך בין א יודישע טאכטער, גערעכט זיין!

— דו ביזט א יודענע, ענטפערט דער רבי און שמייסט ווייטער, נור שמייסען, נור פאסעווען זייערע לייבער, און זאלען זיי מיך פיינד האבען! דאס מיין איך טאקי, וואס מעהר זיי וועלען מיך פיינד האבען דאס מעהר, ווערסטו זעהען, וועלען זיי מיין תורה גדענקען! פערשטעהסט דו, נארישע יודענע?

אוי, ביסמארק, ביסט דו א רבי געוועהן! אוי האבען דיינע ריטער א פעולה געטהון! דו מעגסט זיך אין קבר פרייען, וואס די פראנצויזען האבען דיך אזוי פיינד; וואס מעהר פיינד זיי האבען דיך מעהר גדענקען זיי דיין אנטיסעמיטיזם-תורה!... און דו ביזט נאך א בעסערער בעל-פועל פון מיין רבי׳ן געוועהן; מיין רבי האט קליינע קינדער געשמיסען מיט בונה פון זיי מענשען, לייט צו מאכען און איהם איז עס אפשר קיינמאל ניט געראטהען, דו האסט דערוואקסענע מענשען גענומען, טאטעס פון קינדער, רבי׳ס וואס האבען שוין אליין זייערע תלמידים געהאט, האסט מיט אייזערנע פייערדיגע ריטער זייער לייב צעפאסעוועט, מיט דער כונה פון זיי צוריק קליינע קינדער מיט קינדישען שכל צו מאכען, און ווי דיר איז עס געראטהען האט די וועלט נאך קיינמאל אזוי קלאר און דייטליך ניט ארויסגעזעהן, ווי זי זעהט עס איצט ארויס, זינט עס האט אנגעהויבען אין פאריז זיך צו קאכען דער דרייפוס פראצעס!... וועלכע קינדישע זאכען האבען זיך שוין אבגעטהון אין פראנקרייך אין די פיער יאהר! וועלכע אונבעזאנענע נארישע סקאנדאלען מאכען זיך דארט נאך איצט יעדען טאג! פון דעם פוסט-און-פאסניק אין פאריזער גאסען ביז דעם מיניסטאר אין פראנצויזישען פארלאמענט!... וועלכע נארישע רייד ווערט דארט גערעדט און געשריבען אלס צוליעב דעם אונגליקליכען דרייפוס-פראצעס, און עס ווערט גאר נישט נמאס די בייקעס און אויסגעטראכטע בבא-מעשות הונדערטער מאל איבערצורעדען, איבערצושרייבען און איבערצודרוקען, און אז מען הערט עס און מען זעהט עס, פרעגט זיך ניט-ווילענדיג: וואו איז פראנצויזישער שכל אהין געקומען? וואו איז פערפאלען געווארען זייער גרויסער פרינציפ: „פרייהייט, גלייכהייט און-ברידערשאפט", וואס האט אזוי פיעל בלוט געקאסט?!... נאר אזא כח האט שוין אבער די רוט: שמייסט זי קינדער ווערען זיי אמאל פארזיכטיגער, שמייסט זי אבער דערוואקסענע מענשען, ווערען זיי קורצזיכטיג, נאריש און קינדיש. א קינד קושט אויך די רוט, וואס האט איהם ערשט געשמיסען, דער פראנצויזישער אנטיסעמיטיזם, שיינט מיר, איז דער פראנצויזישער קוש ביסמארק׳ס רוט צום צייכען, אז זיי פערגעסען זיין תורה ניט!... ניט על׳זאס-לאטערינגען, ניט די פינף מיליארד „רבי-געלד" האבען די פראנצויזען אונגליקליך געמאכט, נאר די ריטער ביסמארק׳ס, וועלכע ליגען נאך, א פנים, אין ברויען-בלויע פאסען אויף זייערע לייבער, האבען ביי זיי זייער שכל, זייער איבערלעגונג צוגענומען און אט טהוען זיי אב מעשים אונ רעדען אזעלכע רייד, וואס מאכט זיי צו שאנד און צו שפאט אין דער גאנצער וועלט...

איך געדענק נאך א סצענע פון חדר: דער רבי האט איינמאל א יונגעל געשמיסען, דעם געשמיסענעם׳ס א חבר איז געשטאנען נעבען רבי׳ן, די ארבעל פון זיין ראק געקושט און מיט טהרערען געבעטען דער רבי זאל זיין חבר אבלאזען. ווי עס פערשטעהט זיך האט דאס יונגעל געחאפט פון רבי׳ן פאר זיין גוט הארץ שענע עטליכע זעטץ מיט׳ן איילענבויגען; קוים אבער איז דאס געשמיסען יונגעל פון ביינקעל אראב איז עס ארויף אויף זיין געטרייען חבר אויסלאזען צו איהם זיין כעס און וועהטיג, ארייין איהם אין די האר, צו דער ערד א ווארף געטהון, אין מיט די פיס געטרעטען. מיר דאכט, אז אין דער צייט פון דער דייטש-פראנצויזישער קריג האט קיין אומה ולשון אזוי גאט ניט געבעטען פאר פראנקרייך ווי אונזערע יודען. זעהט מען איצט אין פראנקרייך נישט דעם אייגענעם יושר, אדער אפשר דעם אייגענעם פסיכאלאגישען צושטאנד פון יענעם חדר-יונגעל וואס האט זיין כעס, אויפ׳ן רבין און זיינע ריטער, אויסגעלאזען צו זיין געטרייען חבר?... אלץ די רוט איז שולדיג, און נור די רוט...

און „דער כבוד פון דער ארמיי" — וואס איז דאס פאר א מין לחש? איך בין זיך מודה ומתודה, אז איך גלויב ניט אין דעם איבערנאטירליכען כח פון א לחש, מעג ער זיין פון א בעל-שם, א גיטען יודען, אדער פון א טאטער אפילו. דערפאר איז מיר מעהר ווי אלץ אונבעגרייפליך געוועהן, וואס פאר א מין כח ליגט עס אין דעם לחש „דער כבוד פון דער ארמיי!" וואס מיר הערען אזוי אפט אויסשרייען אין פאריזער גאסען און וואס קוים רעדט מען איהם ארויס, ווערט באלד איבערגעקעהרט נאכט צו טאג אונ טאג צו נאכט? צוליעב דעם לחש אליין האט מען דארט א בעוואוסטען באנדיט און אפעריסט עסטערהאזי, וואס קיינער צווייפעלט איין מינוט ניט אין זיין שולדיגקייט, פון משפט בעפרייט, מיט עהרע און פאראר, פון געריכט ארויסגעהעהנדיג, איהם בעגעגענט, א קעניגליכער פרינץ האט זיך מיט איהם געקושט און האלב פאריז האט געשריען: יחי עסטערהאזי! צוליעב דעם לחש נור האט מען דעם וועלטבעריהמטען זאלא, וואס האט איצט מעהר ווי איין אנדערס מאל פראנקרייך׳ס עהרע געראטעוועט, פערזארטהיילט, ווי א שענדליכען פערברעכער פעראורטהיילט, איהם קיין איינציג אמת ווארט ניט געלאזט ארויסרעדען, און א האלב פאריז האט אויף זיינע טריט געשפיגען, איהם מיט בלאטע פערווארפען, בעת די גאנצע געבילדעטע וועלט האט בעוואונדערט דעם גרויסען שרייבער, וואס האט אזא מוטה געהאט ארויסצווייזען, אז נאך גרעסער ווי זיין וועלטבעריהמטער טאלענט, איז זיין ליעבע צו אמת צו גערעכטיגקייט! צוליעב דעם איינציגען לחש נור האט מען ביי איהם זיין ארדען פון עהרענסלעגיאן צוגענומען, בשעת די גאנצע געבילדעטע מענשהייט האט איהם אזא גרויסען ארדען געגעבען. צוליעב דעם לחש האבען פינף מיניסטארען פאלש געשווארען, עפענטליך און פייערליך געשווארען, חאטש די גאנצע וועלט און זיי אליין אויך, האבען גוט געוואוסט ווי שקר ווי פאלש זיי שווערען!... אט. דאכט זיך, איז שוין דער הימעל קלאר און לויטער, דער אמת לויכט שוין ארויס ווי די ליכטיגע זון, פליצלינג לאזט זיך הערען א קול: „דער כבוד פון דער ארמיי!" און דער ערשט אויסגעלויטערטער הימעל בעדעקט זיך אין איין רגע צוריק מיט וואלקען שווארצע און שווערע און מען זעהט שוין די שיין ניט...

און וואס איז אזוינס דער כבוד פון דער ארמיי? און ווער איז דען די ארמיי? איז די ארמיי ניט דאס פאלק אליין? איז איהר כבוד פון איין אנדער ארט בעשאפענהייט? פאר וועלכען פאלק אין דער וועלט איז דין אונ משפט, אמת אונ גערעכטיגקייט ניט א כבוד? פאר וואס זאל דוקא דורך דעם דין און משפט, אמת אין גערעכטיגקייט בעליידיגט ווערען דער כבוד פון דער פראנצויזישער ארמיי? און ווען אפילו דער כבוד פון עטליכע ארמיי-פארשטעהער וועט דורך דעם ליידען, וואס איז פאר אזא געוואלד? איז די ארמיי ניט אינאיינעם צוזאמענגעשטעלט פון טויזענדער פערשיעדענע פערזאנען ווי דאס גאנצע פראנצויזישע פאלק? וועט איינעם איינפאלען צו זאגען, אז דאס גאנצע פראנצויזישע פאלק האט קיין עהרליכקייט און קיין געוויסען ניט ווייל עסטערהאזי איז א פראנצויז? עסטערהאזי און זיין גלייכען זענען נור איינצעלנע פערזאנען און קענען מיט זייער פערדארבענהייט א פאלק פון עטליכע אונ דרייסיג מיליאן אזוי פיעל בעפלעקען, וויפיעל עס קענען עטליכע טראפען בלאטיג וואסער דעם גאנצען ים בלאטיג מאכען. און נאך און נאך אזעלכע פראגען פרעגען זיך, ווען מען איבערצייגט זיך, אז דאס אלץ שאפט און מאכט פארט נור דער איינציגער לחש: „דער כבוד פון דער ארמיי"...

און מיר דערמאהנט זיך ווידער א נארישקייט פון מיינע קינדישע יאהרען, איינע פון יענע נארישקייטען וועלכע גערענקען זיך טאקי נור צוליעב דעם וואס זיי זענען נישט מעהר ווי נארישקייטען. (ענדע קומט.) י. דינעזאהן.

Verlag „Achiasaf" Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.

# געזעלשאפט „כרמל“ ווארשא

אויסשליסליכער פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד

# פון נאטירליכען ווייז און קאניאק



דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

וועלכער ווערד אוסגעארבייט

אין די וויינגערטנער

פון די

## יודישעקאלאניעס

אין

## ארץ ישראל



די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

די פראקטיקע פון די פאריגע יאהרען האט אונז בעוויזען, אז פאר יום טוב קומען אן אלע בעשטעלונגען צוזאממען, און דארום זענען מיר נישט אים שטאנד, ביים בעסטען ווילען, צו זיין פינקטליך, און די קונים צופרידען צו שטעללען. כדי דאס צו פערמיידען בעטען מיר אונזערע געעהרטע קונדען זיי זאלען אזוי גוט זיין יעצט פאר פסח, אריינשיקען באצייטענס די בעשטעללונגען, וועט יעדער קעננען קריגען אין דער צייט, וויל מיר מוזען זיך האלטען איין ארדנונג, דעם וואס בעשטעללט פריהער שיקען פריהער.

אללע וויינען און קאניאקען פון „כרמל“ זענען כשר לפסח און עס איז פון זיי גפרש געווארען תרומות און מעשרות ווי דער דין איז. אויף דעם האבען מיר הכשרים פון רב הכולל פון ארץ ישראל הרב הגאון ר׳ יעקב שאול אלישר שליט״א און פון הרב הגאון מיפו, בעשטעטיגט דורך הרב הגאון ר׳ שמואל סאלאנט שליט״א און פון די רבנים מווארשא.

## פאלגענדע סארטען וויין און קאניאק האבען מיר שטענדיג אויף לאגער.

| | | |
|---|---|---|
| Nr. (1 רויט-וויין „ראשון לציון“ St. Julien. | Nr. (7 ווייסער וויין „חרמון“ Sauterne I | Nr. (12 זיססער וויין „כרמיה“ Cremieux I |
| (2 „ „ „פתח תקוה“ Modoc I | (8 „ „ „ „ II „ | (13 „ רויט וויין זיס „ II „ |
| (3 „ „ „ „ „ II „ | (9 „ קאניאק „כרמל“ *** Carmel | (14 „ זיס „עזרא“ Esra |
| (4 „ רויט-וויין זיס „רחובות“ Alicante | (10 „ „ „ B. R. P. „ | (15 „ ווייססער וויין זיס „עקרון“ Muscat |
| (5 „ ווייס „לבנון“ Haut Saut. I | (11 „ רויט וויין „נעטטער“ Netter | (16 „ ווערמוטה „ראש פנה“ Wermuth |
| (6 „ „ „ „ II „ | | |

אויך בעקומט מען צו קויפען אין אונזערע סקלאדעס:



# האניג און זיסע מאנדלען



## פון די יודישע קאלאניעס אין ארץ ישראל

מיר שיקען פער נאכנאהמע געגען 20% אנגעלד. אויף בעשטעללונגען פון 30 פלאשען און מעהר רעכנען מיר ניט פיר עקספעדיציאן און פערפאקונג.

הויפט-קאנטאר אין ווארשא, נאלעווקי נו׳ 21, טעלעפאן נו׳ 1433.

מאגאזינען אין ווארשא: 1) גענשא נו׳ 11, טעלעפאן נו׳ 1433; גראניטשנא נו׳ 2, טעלעפאן נו׳ 1473; 3) קראקויער פארשטאדט נו׳ 85.

אדרעססע פיר בריעף: Товаричество Кармелъ Варшава. פיר טעלעגראממען: Варшава Кармелъ.

אבטהיילונג פיר זיד-רוסלאנד אין אדעססא רישעליעווסקאיא, אין דעם הויז פון ה׳ בארבאש:

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Одесса. פיר טעלעגראממען: Одесса Кармелъ.

צו אדעססער ראיאן געהערען די גובערניעס: חערסאן, קישיניעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאדאלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, קרים און קאווקאז.

## אונזערע וויינען און קאניאקען בעקומט מען אין אלע וויינהאנדלונגען

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאניאקען פון נאכגעפעלשטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פערקניפט מיט דער פלאמבע פון „כרמל“.